ל. פיינבערג

# די יורשים פון דער ערד

(פּאָרטרעטן)



הויפּטפאַרקויף:
פאַרלאַג משה שמואל שקלאַרסקי
ניו־יאָרק, 1941

# "THE INHERITORS OF THE EARTH"

(*Portraits*)

by

**LEON FEINBERG**

221 East 168th Street

Bronx, N. Y.

## ביכער פון ל. פיינבערג:

1. ערב־שטורעם — 1926
2. גרויס־שטאָט — 1928
3. ליכט און ברויט — 1931
4. דוד בלאַנק (ראָמאַן) — 1934
5. חבר־לעבן — 1938
6. אין קיינעמ׳ס לאַנד (פּאָעמע) — 1940

גרייט צום דרוק:

דער פאַר׳משפּט׳ער דור — (טרילאָגיע אין פערזן)

געדרוקט אין „פוטורא פרעס", 476 בראָדוויי, ניו־יאָרק.


200

Published in U. S. A.

# די יורשים פון דער ערד

כִּי מְרֵעִים יִכָּרֵתוּן
וְקֹוֵי יְהוָה הֵמָּה יִירְשׁוּ אָרֶץ.

ווײַל די שלעכטסטוער װעלן פֿאַרשניטן װערן,
און די װאָס האָפֿן צו גאָט,
זײ װעלן יַרְשָׁ'ענען די ערד.

תְּהִלִּים לז, 9

# די יורשים פון דער ערד

עס קומט אין יעדן דור אַ ש ע פ ע ר און צ ע ש ט ע ר ע ר,
וואָס טראָגט זיך דורך דער וועלט מיט טראַמפּלדיקן טראָט.
דער ע ר ש ט ע ר זוכט דורך מענטש דערהויבן זיך צו גאָט,
דער צ ו ו י י ט ע ר זוכט פאַר זיך אַראָפּברענגען
די שטערן.

דער ש ע פ ע ר בויט די וועלט אויף געטלעכן יסוד
און צינדט אין גרויל פון נאַכט זיין גייסטיקן לאַמטערן.
צ ע ש ט ע ר ע ר שפּאַנט זיין וועג דורך בלוט און פּיין
און טרערן
און טראַמפּלט בלום פון גליק — און וויים ניט פון קיין גנאָד.

נאָר וויפיל מאָל פּאַסירט: דער ע ר ש ט ע ר — תליון ווערט,
דער צ ו ו י י ט ע ר — פירער ווערט פון נאָמענלאָזע נולן,
ווייל ש ע פ ע ר טראָגט אין זיך די זאָמען פון צעשטער,
ווי ס׳טראָגט צ ע ש ט ע ר ע ר אָפּט דעם מאַנטל פון
ג א ו ל ה.

און צוימען קאָן נישט גאָט מיט גרעניצן און גבולן
דעם שפּאַן פון אָ ד מ ׳ ם ז י ן — ד י י ו ר ש י ם פ ו ן
ד ע ר ע ר ד.

# אָ ד ם

די ערד איז רוי און האַרט און פול מיט גרויל און פּחדים
און שטאַרט אין בלויען חלל — פּוסט און וויסט און לער.
אין מערב איינזאַם בלענדט דער זוניקער לאַמטער,
און פייגל לערנען זיך צו זינגען גאָט אָן אָדע.

מיט אויגן אויפגעפּראַלט צו פינקלדיקער לער,
ליגט ניי־געבוירענער, ערשט־אויפגעוואַכטער אָ ד ם.
ס'האָט נאַרוואָס א ל ה י ם צעריסן לעצטן פאָדים
צעווישן אים — דעם מ ע נ ט ש — און רויער מאַמע־ערד.

די זון פאַרגייט אין פלאַם. אין אוּנטיקן טרויער
קוקט אָ ד ם לאַנג פאַרגאַפט אויף שפּיל פון גאָלד און בלאָ.
פון הימלען נידערט שטיל די ערשטע נאַכט פון תהו
מיט פליגלען פינצטערע — אַ גרויסע שוואַרצע קראָ.

פאַרגייט זיך חיה'ש־ווילד דער אָ ד ם אין אַ וואָיען —
און ס'ענפטערט אלהים פון חושך: — „א י ך ב י ן ד אָ!"

---

# ק י ן

דעם דריטן שוין מעת־לעת ביים ברודער'ס קבר ק י ן
ליגט וואַך און אויסגעשטרעקט — אַן אימה'דיקער בער. —
דאָס מת ליגט אויסגעגראָבן לעבן אים אויף דר'ערד —
און ק י ן קושט זיין קאָפּ — און רעוועט, ווי אַ חיה.

אויף שיפוי פונם באַרג זיך פאַשעט ה ב ל ' ס הערד:
פאַר'יתום'ט מעקען שאָף אין שרעק פאַר רויבער־סטאַיע,
עס טוליען שעפּסן זיך און בלעקערצן און שרייען
און צאַפּעס שאָקלען־צו אין פּחד מיט די בערד.

און ק י ן שרייט־אַרויף צו פראָסטיק־שטילע הייכן:
— „ס'איז גרויזאַם, גאָט, מיין טאַט, נאָר גרויזאַמער דיין
שטראָף!
איך קאָן פאַרטראָגן נאָך מיין ברודער'ס טויטן שמייכל,
נאָר כ'קאָן נישט אויסהאַלטן ס'געוויין פון הבל'ס שאָף".

און ק י ן לויפט אין שרעק אין וויסטעניש פון ערד —
און ס'יאָגט אים נאָך ס'געוויין פון ה ב ל ' ס שטומער הערד.

## נ ח

שוין פערציק טעג און נעכט אין רעוועדיקער לער
די כוואַליעס שוימען זיך, ווי אויפגעיערטע הייוועז.
ס'איז אָפּגעווישט דער שפור פון ה י ה און פון ה ו ה :
ווער קאָן דאָ אָפּשיידן — וואו הימל איז, וואו ערד?

און נ ח קוקט־אַרויס פון לעבעדיקן קבר,
וואוהין ער וואַרפט אַן אויג — איז כוואַליעדיקער מער.
נאָר זע : ווער טרינקט זיך דאָרט און פּאַטשט מיט
פליגל שווער,
טויכט־אויף און שווימט און רופט אין ווייסן סליאַד פון תיבה?

און נ ח קוקט און שטוינט : — „ביזטו דער גאָט פון תהו,
דער גאָט פון אָ ד מ ' ן און פון זיין הויזגעזינט,
וואָס האָט באַפוילן מיר די גרויסע תיבה בויען
און אָפּגעווישט פון דר'ערד דעם גאַנצן מענטשן־מין?” —

און ס'ענטפערט א ל ה י ם : — „איך האָב שוין מער קיין כח.
די תיבה עפן־אויף — און ראַטעווע מיך, נ ח ! ” —

---

## חם

באַטרונקען נ ח ליגט אַ הוילער אויפן זאַמד,
און ס'קוקט מיט זעליקייט אַרונטער די לבנה.
ס'קומט י פ ת אַן און ש ם — און ס'כעס'ן זיך די בנים :
— „ווער האָט דעם טאַטן טאַטן אָפּגעדעקט די שאַנד?” —

און ח ם — דער מיטלסטער — מיט עזות'דיקן פּנים
צו ברידער כעס'יקע מיט דריבנע טריטלעך שפּאַנט :
— „איך האָב געזען : ער פרייכט, דער שיכור, ביי דער וואַנט,
האָב איך אים אָפּגעדעקט — געווען איז אַ סכנה”. —

ווען נ ח האָט פאַרטאָג דערוואַכט פון זיסן חלום,
האָט ער פאַרשאָלטן ח מ ' ן : — „דו וועסט זיין אַ קנעכט
און וואַגלען איבער ערד, געיאָגט פון טאַטנ'ס קללה,
און אייביק פאָדערן פון דיינע ברידער רעכט!” —

נאָר ביטער איז די וואָר. פאַרביטן נ ח ' ס שטראָף איז :
עס הערשעוועט דער ח ם, וואו ס'שקלאַפן ש ם און י פ ת.

## אַ ב ר ה ם

דער אַלטער ת ר ח זיצט און גענעצט ביי דער וואַנט
און זעט די זון — אַ קנויל אַ פלאַמיקן — זיך זעצן.
אין בעקנס רינט דער טריף פון אוילן און פון פעטסן —
און אַ ב ר ם — יונג און שלאַנק — צעווישן געצן שפּאַנט.

ער קוקט מיט שטילער פּיין: די בעקנס רינען, נעצן.
און פּלוצים טוט ביים האַרץ אַ ברי אים, ווי אַ בראַנד.
ער הויבט דעם האַמער אויף אין אַנגעשטאַלטער האַנט —
און שמעטערט איבער קעפּ פון דרימלענדיקע געצן.

און מיטאַמאָל ער זעט אַן אויסטערליש געשטאַלט:
אַ שלאַנקער יונג, ווי ער, זיין פּנים בליצט און שטראַלט.
און ס׳ציטערט-אויף אין שרעק די שטימע ביי אַ ב ר ה מ׳ע ן:

— „ווער ביזטו, ל י כ ט י ק ע ר? ווי רופט מען דיך
ביים נאָמען?״ —
— „מען רופט מיך א ל ה י ם,״ — דערהערט ער אַ געשאַל,—
די בענקשאַפט פון ד י י ן האַרץ, דער רוף פון
ד י י ן נשמה!״ —

---

## ל ו ט

לויט גאָט׳ס באַפעל באַגינען איילט זיך ל ו ט
מיט ווייב און טעכטער איבער שיפּע הויכן.
העט-ווייט אין טאָל, אין פלאַמען און אין רויכן,
גייט-אויף צום הימל ברענענדיקע שטאָט.

אין אַש ליגט סדום — נישטאָ פון איר קיין זכר.
עמורה ברענט — אַ גליאיקער שאַפאָט.
אין שטומער שרעק פאַר יעדן מינדסטן טראָט,
ווי אינדינס, ציטערן די טעכטער בלייכע.

און ל ו ט בלייבט שטיין: וואוהין זאָל ער אַנטלויפן?
פּאַראויס — אַ טיפער, לאַקענדיקער תהום.
ביים זייט פון וועג: זיין ווייב — פון זאַלץ אַ הויפן.

און ס׳קלאָגט זיך ל ו ט — און פול מיט פּיין זיין קול איז:
— „ס׳איז בעסער שוין דעם רשע — דאָרט אין סדום,
ווי מיר, דעם צדיק — אויפן וועג אין גלות״. —

# י צ ח ק

ס'איז יצחק אַלט און בלינד. דאָס לייב איז קאַלט און שוואַך.
אים וואַרעמט שוין נישט מער די טיפע וואָל פון שמויסן,
נישט צערטלדיקער פלאַם פון יונגע מיידל-שויסן,
ווען ס'גליווערט שטום זיין האַרץ אין פינגער פון דער נאַכט.

אַרום איז אייביק נאַכט — אַ פינצטערע, אַ גרויסע.
און ס'דוכט זיך: עמיץ וויינט און עמיץ שלאָגט און לאַכט...
ער בויגט דעם קאָפּ אין פיין און מורמעלט שטיל פאַרטראַכט:
— „דאָס קול איז יעקב'ס קול, די הענט—די הענט פון עשו".

ער כאַפּט זיך אויף אין שווייס. דער חלום פלאָגט און
שווידערט:
— „אָ, גרויסער גאָט, איז דאָס דער גורל פון מיין שטאָם?
מוז ע ש ו אומעטום דער ר ש ע זיין כסדר,
מוז י ע ק ב שטענדיק זיין דער צ ד י ק און דער ת ם?

— „צוואָוואָס האָסטו געשיקט אין יענער שעה דעם לאָם
מיך ראַטעווען פון פלאַם און מעסער פון עקדה?" —

---

# ע ש ו

די זון אין מערב זינקט אין פליאַמעס רויט און געל.
עס שמעקט דער וואַלד מיט האַרבסט, מיט ווילדגראַז
און נבלה.
דער יעגער ע ש ו זיצט און שינדט מיט הענט מיט הוילע
אַ הייסע, האַריקע, געפלעקטע טיגער-פעל:

— „אַ מענטש איז שטאַרק און גוט, און גאָט איז שוואַך
און גרויליק.
כ'הער אָפט מיט דונערן אים הוסטן איבער פעלד.
און י ע ק ב — רק ער זיצט און חלומ'ט אין געצעלט —
און איך האָב פיינט אַ תם, וואָס דאַוונט און איז הייליק.

— „כ'האָב ליב צו הערן אָפט דעם גרוילנדיקן קרעכץ
פון הירש פאַרוואונדעטן, וואָס ווערט פון לייב גע'ממית'ט.
כ'האָב ליב דעם ווילד-געשריי, דעם תאווה'דיקן יעכץ,
ווען ס'פּאָרן זיך פאַרנאַכט די חיות און בהמות.

— „איך שענק אייך זיבן בכורות פאַר אַ לינדז-געקעכץ,
נאָר ס'קרענקט: וואָס דאַרף ער זי — דער פוסטער
בעל-חלומות?" —

# י ע ק ב

געדינט האָסטו געטריי ביי ל ב נ׳ ע ן אין ח ר ן
פאַר ר ח ל ׳ ס שוואַרצן, קרייזלדיקן צאָפּ —
און וואָס האָסטו באַקומען, נאַרישער כאַלאָפּ?
א י י ן בלינדע מויד, די צ ו ו י י ט ע — אַן עקרה.

געהאַנדלט אַ מציאה פאַר אַ לינדזן־טאָפּ —
וואָס האָט די בכורה דיר גענוצט די אַלע יאָרן?
מיט שטאָק אין האַנט דו לויפסט נאָך אַלץ פון ע ש ו ׳ ס צאָרן
און האָסט נאָך אַלץ נישט וואו אָוועקלייגן דעם קאָפּ.

און וואָס האָט דיר געבראַכט דער חלום מיטן לייטער?
ירושה פינצטערע פון שטענדיק מאַכן פליטה,
פון וואָגל אייביקן אויף קיינעמ׳ס נישט באַראָט.

דו האָסט מיט גאָט געפּאָכטן אין פרימאָרגן טונקל,
האָט דער באַזיגטער גאָט אַ דיך דיר אויסגעלונקען —
און דו ביזט אַלץ נאָך מ ע נ ט ש, און ער איז אַלץ נאָך ג אָ ט.

# י ו ס ף

פון ווייטן לאַנד אַרם און נהרים
צו יוסף׳ס פּאַלאַץ ציט אַ קאַראַוואַן.
נאָך שפּייז און ברויט פון הונגער־לאַנד כנען
געקומען זיינען ברידער קיין מצרים.

— „פאַרקויפט אַ ברודער אין אַ פרעמדן לאַנד, —
דערציילט יהודה, — חיב בין איך, חיב"...
— „וואָס האָסטו דאַן געזאָגט דיין אַלטן מאַן?" —
— „עס האָט דיין זון פאַרצוקט אַ בייזע חיה". —

און יוסף האַלזט בנימינ׳ען, זיין ברודער.
זיין פּנים לויכט און מיניעט זיך און שיינט.
— „העי, שקלאַפן, רופט אַ קיניגלעכע סעודה,
זאָל ווי מיין פרייד היינט פליסן בעכן וויין.

— „און דיר אַ דאַנק, מיין פייניקער י ה ו ד ה,
פאַר זיסער פרייד פון מוחל זיין דעם פיינט!" —

## מ ש ה

אויף שפּיץ פון הר־נבו שטייט מ ש ה שטיל געבויגן.
די זון פאַרגייט אין פלאַם און צינדט די קרוין פון באַרג.
ווי לעמער, קניט דאָס פאָלק אין פּחד פון געפאַר.
און מ ש ה רופט צו גאָט מיט טרערן אין די אויגן:

— „אָ, גאָט פון מדבר־סנה, איז דאָס דער זיסער שכר
פאַר דיין געטרייען קנעכט, וואָס האָט צעשטערט
דאָס ע ג ל ?
האָב איך דען נישט געשטילט מיט מן און וואַכטלפייגל
דעם הונגער פון דיין פאָלק? טו־אָפּ פון מיר דיין גזר!" —

און ס׳ענטפערט א ד נ י פון בלויען חלל: — „ניין!
פון קינדער מיצרישע, וואָס כ׳האָב צום טויט דערשלאָגן,
ביז איצט נאָך אין די נעכט מיך פייניקט דאָס געוויין.

— „איך האָב געהערט: דיין פאָלק טוט יאָמערן און קלאָגן —
האָב איך אים ד י ך געשיקט צו ראַטעווען פון פּלאָגן.
און ד ו ? געשלאָגן האָסט א ווייסן פעלדזנשטיין". —

---

## י ה ו ש ו ע

ס׳איז אדום לאַנג פאַרוויסט, פאַרטיליקט איז עמלק,
און פעלקער ציטערן אין פּחד און אין בראַנד:
זיין מדבר׳דיקן וועג דאָס פאָלק ישראל שפּאַנט
מיט טראָט מיט זיכערן, האַרטנעטיק און אָנצאָליק.

נישט אָפּגעהאַלטן אים האָט מדינ׳ס ווידערשטאַנד,
נישט מעשים ליסטיקע פון מואָב׳ס קיניג בלק —
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט, פון יהוה׳ס וואָרט געשטאָליקט,
י ה ו ש ו ע פירט זיין פאָלק אין צוגעזאָגטן לאַנד.

איצט ליגט פאַר אים כנען מיט בליענדיקע טאָלן,
מיט רייכע ווייגערטנער, קאָלירנדיק און בונט,
יהושוע שטייט און שטוינט: — ס׳איז מער שוין נישט
קיין חלום!

— „בלייב שטיין אויף גבעון־הויך, אינמיטן הימל, זון,
לבנה, שטעל זיך אָפּ אין עמק פון אילון, —
עס פירט זיין פאָלק צוריק אין אייגן לאַנד בן־נון!" —

## שמשון

אין טעמפל ד ג ו ן הוליעט פלישתים־האָרד:
מלכים, זונות, אַדעללייט און פריסטער.
ס'איז גרויס די פרייד: אַ סגינהור אַ וויסטער,
שטייט ש מ ש ו ן דאָ מיט אויסגעפליקטער באָרד.

עס שמייסט דער שפּאָט אים, ווי געוויקטע כליסטן.
און ער? ער טרוימט פון דלילה'ן אויף דער וואָר:
פון האָניק זיסער זיינען אירע האָר,
און דופטיקער פון וויינען — אירע בריסטן.

עס צימבלען ציטרעס. הייסער ווערט דער שפּאָט
און הייסער נאָך און שיכורער די משתה.
און שמשון כאַפּט די זיילן אָן: — „אָ, גאָט,
זאָל שטאַרבן דאָ מיין זעל מיט די פלישתים!" —

און ס'וואַקלט זיך דער טעמפל שיכור־לוט —
און קראַכט אויף קעפּ פון פריסטער און פון פירשטן.

---

## שאָול

פאַרכמורעט קוקט אַראָפּ דער פעלדזיקער ג ל ב ו ע
אויף סאַמעטענעם גרין פון רחבות'דיקן פלוין.
געיאָגט פון פלישתי'ס האַנט, זיצט אויף אַ גרויען שטיין
דער קיניג ש אָ ו ל, איינגעהילט אין טרויער:

— „איך האָב זי נישט געוואָלט די מלכותדיקע קרוין.
איך בין פון הויז אַרויס צו זוכן שפּור פון טלויען
פון יונגע אייזעלינס אין מדבר'דיקע טויען —
און האָב באַקומען זי — די מלוכה פאַר אַ לוין.

— „נאָר האָט דערהויבן גאָט פון אַלע קעפּ מיך העכער, —
מיין זון י ה ו נ ת ן די מלכות־שטול געהערט.
איצט ליגט ער אויפן באַרג, פון שונא'ס פייל צעלעכערט". —

ער נעמט אַראָפּ די קרוין און וואַרפט זי אויף דער ערד:
— „זאָל וואַרגען זיך מיט איר דער פידלער פון בית־לחם!" —
און קיניג ש אָ ו ל פאַלט אַ טויטער אויף זיין שווערד.

## ד ו ד

— „וואו שפאנסטו, פאסטוך־יונג, מיט פלינקן טראט,
אנטלויפסט פון פיינט, צי יאגסטו זיך נאך כבוד?" —
— „פון ישי׳ס הויז דער אינגסטער בין איך — ד ו ד,
איך האב געהערט: מיין פאלק דער פלישתי דראט". —

און ד ו ד רופט: — „זאל העלפן מיר י ה ו ה !" —
און שלאגט דעם פיינט, וואס לויפט אין שאנד און שפאט.
באדעקט מיט רום, קומט ד ו ד אן אין שטאט
אויף קיניג ש א ו ל ׳ ס גילדערנער מרכבה.

און יארן לויפן: ד ו ד קיניגט שוין,
און פול איז פול זיין הארץ מיט האס און פלוכן.
ער איז שוין מיד פון סצעפטער און פון קרוין:
אלץ לעכצט אין אים נאך שלום און מנוחה.

און אפט ער טראכט ביי קיניגלעכער סעודה:
— „ווי גוט צו זיין א פאסטוך אין יהודה!" —

---

## ש ל מ ה

אויף טראן פון העלפאנטביין זיצט ש ל מ ה פערציק יאר:
ס׳איז רייך זיין הויז מיט גאלד, מיט עדלשטיין און צעדער,
דער בית־המקדש בליט אין דופט פון גרינע סעדער,
און ס׳טריפט, ווי רויזן־אויל, אין זיינע ווענט גאט׳ס ווארט.

ס׳האט ש ל מ ה אלץ דערגרייכט, פארנומען אין זיין גדר:
ס׳האט איינגעשטילט זיין שווערד די לעצטע מזרח־הארד,
עס צאלט א וועלט אים צינדז מיט שקלאפן, ברויט און אר, —
נאר נישט באזיגט האט נאך דעם א ש מ ד א י, דעם שד, ער.

און ש ל מ ה רופט דעם ש ד: — „קום, האר פון חושך, פלינק
און לאמיר גיין אין שלאכט: אט האסטו ש ד י ׳ ס רינג —
אין טויטלעכן געפעכט ווער וועמען וועט דא צוימען?" —

נעמט א ש מ ד א י דעם רינג און זעצט זיך אויבנאן...
זינט דעמאלט זיצט דער ש ד נאך אלץ אויף ש ל מ ה ׳ ס טראן
און שלמה וואגלט־אום און שרייט נאך: „אני שלמה!"...

# ע מ ו ס

פון גרינעם פּאַשע־פעלד, פון פיטערן די פי
געקומען איז אין שטאָט דער יונגער פּאַסטוך ע מ ו ס.
ער זעט: דער זאַטער גביר האָט אויפגעשטעלט זיך במות
און רויכערט בראַנד־אָפּפער — דער שכר פון שווערער מי.

און ס'שאַלט דעם נביא'ס וואָרט: — „ס'וועט צאָלן אל־נקמות
אין הויז פון העלפאַנטביין — אייך, פעטע בשן־קי,
פאַר טרער פון אָרימאַן, פאַר לעצטן אָטעמצי,
פאַר אַלע ליכטיקע פאַרפּייניקטע נשמות".

עס הערן זיינע רייד דער מלך און דער כהן
און ציטערן פון שרעק, פון צאָרן און בזיון —
און ברעכן ע מ ו ס' ן מיט שטעקנס רוק־און־לענד.

אין מדבר ע מ ו ס ליגט, אין פּיין און ווי געקאָוועט:
— „זאָל פייניקן מיין לייב די רוט אין מענטשנ'ס הענט,
זי וועט נישט טויט־שלאָגן גאָט'ס וואָרט אין מויל
פון נביא!" —

---

# י ש ע י ה

סנחריב'ס חיל שטייט ביי ווענט פון דוד'ס שטאָט.
פאַרציטערט ליגט אין קלעם און וואַרט ירושלים.
ס'איז שומרון שוין פאַרוויסט, פאַרראַטן האָט מצרים —
און מלך אשור'ס האַנט מיט שווערד און הונגער דראָט.

און חזקיהו שיקט שלוחים צו י ש ע י ה' ן:
— „קום, נביא, ראַטעווע — כ'וויל תפילה טאָן צו גאָט!" —
און ס'ענטפערט אַמוצ'ס זון: — „נישט שרעק פאַר
אשור'ס חיל,
ס'וועט מאַכן שדי'ס האַנט צו שאַנד זיי און צו שפּאָט!

— „אַזוי געזאָגט האָט גאָט: — גיי ברענג מיין פאָלק
אַ טרייסט,
עס וועט פאַרטיליקן זיין אויסגעשטרעקטע פויסט
דאָס חיל פון דעם פיינט ביז ערשטן שטראַל פון שחרית!" —

עס יובלט ד ו ד' ס שטאָט. געשלאָגן איז דער פיינט.
און ער — דער נביא — לויפט פון כבוד און פון וויין
צו חלומ'ען מיט גאָט דעם חלום פון ב אַ ח ר י ת.

## ירמיה

אין חורבות ליגט די שטאָט, צעפּלינדערט פון דעם שונא.
דער טעמפּל איז פאַרקוילט, דער מלך — אין געפאַנג.
דער קאָפּ באַדעקט מיט אַש, דאָס ליד פון אונטערגאַנג
צעווישן חורבות זינגט דער נביא — דער מקונן:

— „געשלאָגן האָט דער פײַנט, ווי האָגל שלאָגט דעם זאַנג,
און מאַן און פרוי און קינד אַוועקגעפירט צו׳ר בוינע.
אויף די געמאַרקן זיצט בת־ציון, ווי אַ זונה,
און ווי איז איר און ווינד און וויסט איז איר און באַנג.

— „נישטאָ, מײַן פאָלק, קיין בראָך, ווי אונזער שווערער בראָך;
נישטאָ ווער טרייסטן זאָל דעם יתום און דעם אָבל:
עס האָט דער בייזער פײַנט דיך אײַנגעשפּאַנט אין יאָך,
דעם בחיר פון דײַנע זין אַוועקגעפירט קיין בבל״. —

אָ, נביא, ס׳גרייכט צום האַלז דער שוואַרצער ים פון שנאה,
נאָר אויסגעטריקנט איז דער קוואַל פון קלאָג און קינה.

---

## יחזקאל

אויף גלות־וועג, אויף לאַנגן וועג קיין בבל
די גולים רוען ביי דעם טײַכל כבר.
און צווישן זיי דעם כהן בוזי׳ס בכור,
יחזקאל רעדט — דער טרוימער און דער נביא:

— „אָ, ברידער־גולים, כ׳ברענג צו אײַך דאָס וואָרט,
די האַרבע רייד פון אונזער גאָט יהוה:
— כ׳האָב פאַר די זינד צעבראָכן אײַך, ווי טאָוול,
צעשפּאָלטן אײַך, ווי שטעקעלעך פון ראָר. —

— „אַזוי זאָגט גאָט: — „איר זעט דעם טאָל
פון טויט
מיט ביינער טרוקענע, מיט שטומע
שאָטנס —
איך וועל אויף זיי אַרויפציען אַ
הויט,
איך וועל אין זיי אַרײַנבלאָזן
מײַן אָטעם!״... —

און ס׳הויבן־אויף די גולים זיך פון ברעג —
און גרינג איז זיי דער שווערער גלות־וועג.

# דניאל

ביי רייכער סעודה זיצט אויף מלכות-טראָן בלשאצר.
אַרום אים אין אַ קרייז די שררות פון זיין לאַנד.
אינמיטן שטייט דער לץ און צימבלט אין טימפּאַן.
עס לאַכט די קיניגין, עס קייכט דער יורש-עצר.

און פּלוצים — אויף דער וואַנט אַ פייערדיקע האַנט.
דער קיניג ציטערט אויף... עס שטויסט פון זיך דעם לץ ער.
עס קוקן שטאַר אין שרעק די שררות אויף די פּלעצער,
ווי ס׳פּלעמלען אותיות — דער אויפשריפט אויף דער וואַנט.

בלשאצר הויבט זיך אויף: — „דניאל׳ן ברענגט אַהער!" —
מען פירט אַריין דעם יונג. די אויגן זיינע גליען.
— „דו זעסט דעם אויפשריפט דאָרט? — דעם פּתרון מיר
דערקלער!" —

— „מנא, מנא תקל ופרסין". — לייענט פון וואַנט דניאל, —
— „געציילט, געציילט האָט גאָט, געוואויגען — און
אין שטיק —
עס וועט דיין קעניגרייך אינגיכן זיין צעפליקט!" —

---

# הלל הזקן

אין שטוב איז פינצט און קאַלט. אין וויסטער מרה-שחורה
די ווינטערדיקע נאַכט מיט שטורעם שמעקט און פראָסט.
דער אַלטער הלל זיצט פאַרזונקען טיף אין חצות,
זיין מוח ראַנגלט זיך מיט „לאָון" פון מסורה.

אַ פרעמדער שטייט אין טיר. די קליידער אָרעם, פראָסט:
— „אַ גר בין איך אין לאַנד. איך זוך אַ וועג צום בורא,
נאָר שווער איז מיר דערגיין דעם גרונט פון משה׳ס תורה.
איז זאָג מיר, קלוגער מאַן, וואָס איז איר עיקר, וואָס?" —

דער זקן הויבט זיך אויף: — „די תורה ז׳שווער און האַרב
און פול מיט סודות איז, מיט סוגיות און מיט לאָו׳ן,
נאָר זיס, ווי האָניק, איז צו קענען זי דער שכר.

— „וואָס דו אַליין האָסט פיינט, דאָס טו נישט צו דיין חבר.
אין דעם דער עיקר איז פון משה׳ס תורה, גר!
און אַלץ, וואָס אַרום דעם — אַ פירוש איז, נישט מער". —

## א י ו ב

דער קאָפּ מיט אַש באַדעקט, אויף הויפן מיסט זיצט איוב
און יאָמערט אין געהייל, ווי וואָיענדיקע קעץ.
ער איז שוין קראַצן מיד די וואונדן און די קרעץ,
וואָס האָבן אים באַדעקט פון פוסטראָט ביז דער וויע.

עס ריידן זיינע פריינט — און ס'פּרעגלען זיך, ווי פּעטס,
אויף ליפּן טרייסט-ווערטער און פייניקן און בריען.
ער קוקט זיך איין אין זיי מיט נעבלדיקער ראיה
און שאָקלט מיטן קאָפּ און שווייגט — אַ שטומער געץ.

באַנומען שרייט דאָס וויב: — „דו — אומגליקלעכער
גלויבער,
ס'האָט צוגענומען אַלץ דיין בייזער גאָט — דער רויבער —
און דו טוסט תּפילה אים... דו לעסטער גאָט — און
שטאַרב!" —

הויבט איוב אויף די אויגן פאַרכטיקע און פרומע:
— „ס'האָט גאָט געגעבן מיר, ס'האָט גאָט צוריק גענומען —
זאָל זיין געלויבט דער נאָמען פון מיין גאָט — דעם האַר!" —

---

## סיזיף[1]

ער שלעפּט זיך באַרג-אַרויף, פאַר'משפּט'ער ס י ז י ף,
מיט שווערן שטיין אויף קאַרק, איינדרייען איינגעבויגן.
עס פאַלט מיט יעדן שפּאַן אַ טרער פון זיינע אויגן
און טראָפּ נאָך טראָפּן שווייס פון פּנים זיינעם טריפט.

פאַר'משפּט האָט מען אים, דעם העלד פון פייל און בויגן,
צו קייקלען באַרג-אַרויף דעם שטיינערנעם מאַסיוו.
און ווען ער גרייכט דעם שפּיץ — צוריק אין טיפסטער טיף
דער שווערער שטיין אויפסניי איז שוין אַראָפּגעפלויגן...

אַזוי אויך דער פּאָעט דעם מילשטיין פון זיין וואָרט, —
דער פירער פון זיין שטאָט, דער נביא פון זיין דור, —
טראָגט — אַ פאַר'משפּט'ער — אויף וועגן שטייניק-שמאָלע.

און ווען ער פריידיק גרייכט, מיט משא אויפן קאַרק,
די שווינדלדיקע הויך פון זון-געקושטן באַרג, —
פאַרבענקט זיך דאָרט זיין זעל צו מענטשן אין די טאָלן.

---

1) סיזיף — אַ רויבער פּרינץ, וועמען דער גריכישער העלד טעזעאוס האָט געטויט. נאָכן טויט איז סיזיף פאַר'משפּט געוואָרן צו קייקלען שטיינער אין גיהנום.

## בודא

(600 יאָר פ. ק.)

די זון פאַרגייט — אַ געלער קאַקאַדו.
דער שטויב פאַלט רויט אויף בלום און זאַנג און הרודע.
ביים זייט פון וועג אַליין אין פעלד זיצט  ב ו ד א
מיט הענט פאַרלייגט — אין גליווערדיקער רו.

עס שווייגט דער הונט — אַ מידער — אין זיין בודע.
די שטערן צינדן זיך. די נאַכט פאַלט-צו.
אויף פאַשע-פעלד געפענטעט שטייט די קו
און מעלה-גרה'עט שטיל די לעצטע סעודה.

שטרעקט  ב ו ד א  אויס אין זעליקייט די הענט
צו בלויער ערד, וואָס רויכערט זיך, ווי פאַנען:
— „זאָל זיין געבענטשט, זאָל דריימאָל זיין געבענטשט
די וועלט אין רו אויף אויסגעשפּרייטע לאַנען.

— „ס'דאַרף בלויז דעם ווילן אָפּטויטן דער מענטש
צו זינקען זיס אין אָרעמס פון  נ י ר ו ו א נ א[1]". —

## קאָנפוציוס

(479—551 פ. ק.)

ס'איז שטיל ביים יאַנגטצע-טייך. דער בענטשנדיקער רעגן
צעפּענט האָט דאָס מויל פון געלער אַנעמאָן.
אין מערב זינקט די זון — דער הייליקער דראַקאָן —
די כוואַליעס לאַשטשען זיך צום גרינעם זוים פון ברעגן.

אויף לימיק-רויטן פעלז, אין קיטל אָנגעטאָן,
שפּאַנט-אום  ק אָ נ פ ו צ י ו ס  און קוקט אויף ווייסן זעגל.
ער שפּירט די טריט פון וואַנדערער אויף ווייטע וועגן,
ער הערט ס'געוויין פון נויט, וואָס שלענגלט זיך דאָ נאָנט.

און גוט איז אים און באַנג — דעם אַלטן קראַנקן לערער,
און פול איז פול זיין האַרץ מיט ליבשאַפט און מיט גנאָד.
ער שמייכלט לייטזעליק — און ס'ווערט אים קלאָר
און קלערער:
— „ס'איז ניט אין טומל גאָט, אין זיסער רו איז גאָט!" —

ער הויבט זיך באַרג-אַרויף — און גרינג איז אים דער שווערער,
דער שטיינערדיקער וועג צוריק אין גרויער שטאָט.

1) נירוואַנאַ — לויט דער בודיסטישער לערע — די העכסטע דערגרייכונג פון רו און פאַרגעסנקייט.

## האָמער

(897—829 פ. ק.)

פאַרנאַכט. דער הימל פּלייצט מיט ליכטיקע קאַסקאַדן.
אין שטראַלן גליט אָלימפּ[1], ווי ס׳ליכט פון פּראָמעטיי.
אויף וועגן אײנזאַמע אין באַרגיקן געדריי
אַ מידער שפּאַנט האָמער — צוריק פון נע־ונד׳ן.

ס׳האָט אָפּגעקלונגען שוין דאָס ליד פון אָדיסיי,
דאָס הערלעכע געזאַנג פון טראָי און איליאַדע.
די זון פאַרגייט — און זע: זיין מוטערלאַנד עלאַדע[2]
פון נעפּלען שיילט זיך אויס אין זוניקן פאַרזיי.

ער שטעלט זיך אָפּ פאַרגאַפט, געהילט אין זונען־גאַרבן,
צום בליענדיקן טאָל ער שטרעקט זיין מידע האַנט:
— „כ׳האָב איינגעזאַפּט אין זיך מצרים׳ס בונטע פאַרבן,
די שיינקייט פון אַרם, פון בבל דעם פאַרשטאַנד.

— „כ׳האָב אומעטום געלעבט — אהיים געקומען שטאַרבן:
נעם־צו מיך אין דיין שויס, מיין ליכטיק מוטערלאַנד!" —

## סאָקראַט

(469—400 פ. ק.)

ס׳איז האַלב־נאַכט אין אַטען[3]. עס דרימלען די באַסיינען.
עס מורמלען וואַסערן אין פאַרביקן קאַסקאַד.
אין קרייז פון נאָענטע תלמידים זיצט סאָקראַט
און גרייט זיך אויסטרינקען דעם כוס מיט סם מיט ברווינעם.

עס זיינען אַלע דאָ: אין פּורפּורנעם כאַלאַט
זיין קלוגע חבר׳טע אַספּאַזיע, די זונה,
פּלאַטאָן — דער ערלעכער און קסענאָפאַנט — דער ריינער,
וואָס האָט נישט איינמאָל אים געראַטעוועט פון שטאַט.

אין ווינקל זיצט אַליין — אַ שוואַרצע ראָב—קסאַנטיפּע[4].
זי איז פון שילטן מיד. איצט זיצט זי שטיל און כליפּעט.
עס הויבט זיך אויף סאָקראַט: — „איר זעט איר טרערען־גאַס?

געפּייניקט האָט זי מיך, געפלוכט אַ גאַנצן לעבן.
איצט וויל זי זאָל איך איר די זינד אירע פאַרגעבן"... —
און אייליק טראָגט ער צו צום מויל דעם פולן כוס.

1) אָלימפּ — דער הייליקער באַרג אין גריכנלאַנד.
2) עלאַדע — דער פּאָעטישער נאָמען פון גריכנלאַנד.
3) אַטען — הויפּט־שטאָט פון גריכנלאַנד.
4) קסאַנטיפּע — סאָקראַט׳ס ווייב, וועלכע פלעגט אים דערגיין די יאָרן.

# פ ל אַ ט אָ ן

(427—347 פּ. ק.)

אין אַקאַדעמיע[1] איז היינט אַ גרויסער יום־טוב:
עס איז שוין דרייסיק יאָר זינט ס׳לערנט דאָ פּ ל אַ ט אָ ן.
אויף קישנס זיידענע דער גרייז זיצט אויבנאָן
אין אויסדערוויילטן קרייז פון אייגענע און נאָנטע.

עס זיצן ביי זיין זייט אַ ר י ס ט אָ און פּ ע ד אָ ן.
דער אַלטער פילאָזאָף מיט זיך און וועלט איז קאָנטעט:
עס האָט זיין רום דערגרייכט שוין ביז די וויטסטע פאָנטן[2].
זיין פּנים שטראַלט־אַרוים פון ליינענעם כיטאָן[3]:

— „ס׳האָט דורכגעשפּרייזט אַ וועלט מיין פאַרשנדיקער רעיון:
עס וויל דער מענטש פון בייז און רשעות זיך באַפרייען
אין בלויער בענקעניש נאָך ג ו ט ס, וואָס פירט די וועלט.

— „איך זע: דורך פינצטערניש, דורך ליידן און דורך אימות
דערגרייכן וועט דער מענטש דאָס בלויע לאַנד פון שלימות,
וואו ס׳הערשט האַרמאָניע צווישן האַרץ און זעל״. —

---

# אַריסטאָטעל

(384—322 פּ. ק.)

אויף באַנק פון מירמלשטיין אין שאָטן פון אַליי
דער גרייז אַ ר י ס ט אָ זיצט אין הערלעכער מסיבה.
פון אַלע עקן שטאָט אהער האָט זיך פאַרקליבן
דער בחיר פון גריכנלאַנד, די אויסדערוויילטע פּני.

אַ ר י ס ט אָ עפנט ס׳מויל: — „ס׳איז פּשוט, ווי אַ חיבור
און קלאָר און וואָרהאַפטיק, ווי ס׳ליכט פון פראָמעטיי —
נישט וויכטיק צי געווען איז פריר די הון, צי ס׳איי,
נאָר וויכטיק איז דער שטוים פון סאַמע ערשטער ס י ב ה.

— „געלערנט האָט פּלאַטאָן: ׳די גוטסקייט פירט די וועלט.
עס הערשט האַרמאָניע צווישן האַרץ און זעל׳...
איך האָב פּלאַטאָנ׳ען ליב, נאָר ליבער כ׳האָב דעם אמת.

„נישט גוטסקייט פירט די וועלט, נאָר שכל איז דער האַר:
אין אַלץ, וואָס לעבט און טראַכט, אין פרייד און אין געפאַר,
פאַראַן אַ מאָס און וואָג, אַ לאָגישע סיסטעם איז״. —

---

1) אַקאַדעמיע — שטעטל, נישט ווייט פון אַטען, וואו פּלאַטאָן האָט געלערנט מיט זיינע תּלמידים.

2) פאָנטן — ים־ברעגן. 3) כיטאָן — העמד.

## ד י אָ ג ע ן (404—323 פ. ק.)

די זון איז הויך. עס גליען גאַס און סקווערן.
ווי שלאַנגען, קריכן שטראַלן איבער ווענט.
אין פעסל זיצט דער אַלטער ד י אָ ג ע ן
און האַלט אין האַנט זיין לויכטנדן לאַמטערן.

— „אָ, גרויסער לערער, זיין זאָלסטו געבענטשט,
וואָס זוכסטו דאָרט? אינמיטן טאָג — די שטערן?" —
— „פאַרבייגייער, איך בעט דיך מיר נישט שטערן,
צי זעסטו נישט: איך זוך אַרום דעם מ ע נ ט ש!" —

עס שטעלט זיך אָפּ אַ הערלעכער געשפּאַן,
באַצירט מיט מירט און בליט פון אַלעאַנדער:
— „אָ, דיאָגען, עלאַדע'ס קליגסטער מאַן,
באַגריסן דיך ז'געקומען אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר!" —

דער אַלטער מורמעלט: — „גיי פאַרביי, מיין זון,
צי זעסטו נישט: פאַרשטעלסט דאָך מיר די זון!"

## העראָסטראַט (390—356 פ. ק.)

אויף גאַסן פון ע פ ע ס[1] שפּאַנט גרויזאַם העראָסטראַט,
און פול איז, פול זיין קאָפּ מיט אויסטערלישע וואַנען.
ער טראַכט: אָט לעבט ער איצט.... נאָר וואָס וועט
זיין, ווען וויאַנען
וועט טויטער גוף זיינער אין קבר, ווי אַ בלאַט?

און פלוצים בלייבט ער שטיין: דער טעמפּל פון ד י אַ נ אַ
אַנטפּלעקט זיך פאַר זיין אויג אין מירמל און גראַנאַט.
עס צינדט אַ פונק זיין מאַרך אין וואַנזיניקן טשאַד —
און ס'גנב'עט זיך זיין האַנט צו פלאַקערדיקע פאַנען.

און ס'ברענט דער טעמפּל העל אין וואַלד פון אַלעאַנדער,
אַ פלאַמעדיקער קנויט פון קופּאָל ביזן שוועל.
אין יענער אימה־נאַכט האָט ג ר ו י ס ע ר
אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר
צום ערשטן מאָל דערזען די שיינענדיקע וועלט.

זינט דעמאָלט, ווען עס שטאַרבט אַ וואַנזיניקער העלד,
געבוירן ווערט נאָך אים אין זעלבער נאַכט אַן אַנדערער.

1) עפעס — אַ פאַרציטיקע שטאָט אין גריכנלאַנד, וואו עס האָט זיך געפונען דער באַרימטער טעמפּל פון דיאַנאַ, וועלכן העראָסטראַט האָט פאַרברענט אין אָנפאַל פון משוגעת אין דער נאַכט, ווען אַלעקסאַנדער מוקדון איז געבוירן געוואָרן.

# ע פּ י ק ו ר

(342—270 פּ. ק.)

דער טאָג האָט אָפּגעבליט אין בלויקייט פון לאַזור.
א ט ע ן ליגט איינגעהילט אין אָוונטיקן שלאַבער.
ביים טיש, געדעקט מיט וויין, מיט פלײשן און מיט קראַבן,
אין רויזן־גאָרטן זיצט דער אַלטער ע פּ י ק ו ר.

— „אַ פאַנטאָם איז דער גאָט — נישטאָ קיין עולם־הבא.
דאָס לעבן זינלאָז איז אָן ליכטיקער נאַטור.
פאַרכאַפּט־זשע, פריינט, אַן אָרט אויף שנעלער לעבנס־פור,
כל־זמן איר לעבט — געניסט! נאָך אונז מעג זיין אַ מבול!"—

עס פרעדיקט ע פּ י ק ו ר — און ס'שלינגען זיינע פריינט
מיט אויגן דורשטיקע די ליכטיקע מסורה.
אַ צייכן — און עס פליסט פון פלעשער רויטער וויין,
וואָס ברענגט דעם הארצן פרייד און טרייבט די מרה־שחורה.

און ביי דעם סעודה־טיש גייט־אויס אין זיסער פיין
דער לעצטער פילאָזאָף, דער ערשטער אַפּיקורס.

---

# אַרכימעד

(212—287 פּ. ק.)

עס דרימלט ס י ר אַ ק ו ז. עס פוסטעווען באַזאַרן.
אין חורבות ליגט די שטאָט, פאַרהונגערט און פאַרצערט.
בלויז איינער האַלט דאָ וואַך אינמיטן פון צעשטער —
דער אַלטער אַ ר כ י מ ע ד, וואָס ווייסט נישט פון געפאַרן.

זיין אָרעם ווערט נישט מיד צו שמידן ניי געוועער
צו שליידערן אין פיינט — אין רוימישע באַרבאַרן:
— „אַ, גיט מיר בלויז איין פונקט אויף דר'ערד זיך
אָנצושפּאַרן —
און איך וועל אומוואַרפן דעם גאַנצן אוניווערז!"—

דער שונא ברעכט שוין דורך די ערשטע וואַנט פון מויער,
נאָר ס'קעמפט נאָך אַ ר כ י מ ע ד און בויגט נישט
זיין געניק:
— "אַ, געטער הייליקע, זאָל טויב ווערן מיין אויער,
אַז הערן זאָל איך נישט דעם שונא'ס שאַל פון זיג!" —

עס טרעט דעם שונא'ס פוס אַריבער לעצטן טויער.
דער אַלטער אַ ר כ י מ ע ד אויף שוועל אַ טויטער ליגט.

## ס פּ אַ ר ט אַ ק

(100—71 פּ. ק.)

ביים ראַנד פון וואַלד פאַרוואַונדעט ליגט ס פּ אַ ר ט אַ ק,
דער ריז פון פראַקיע, דער שקלאַף און גלאַדיאַטאָר.
און לעבן אים, פון לעצטער שלאַכט פאַרמאַטערט,
דאָס רעשטל שקלאַפן ליגן אויף ביוואַק.

צוויי יאָר געקעמפט מיט רייכע און מיט זאַטע,
די קעפ באַדעקט מיט רום און מיט געוואַג.
צו ענד די שלאַכט. מיט קאָפּ אויף הוילן פּניאַק,
דער פירער שטאַרבט, פון אייגענע פאַרראַטן.

מיט בלוט באַשפּריצט, זיין אויספּרובירטע שווערד —
זיין לעצטער פריינט — צעבראָכן ליגט דאַנעבן.
ער הויבט זיך אויף און שרייט:
— „העי, שונאים, הערט,

ווי ליב איז מיר דאָס לעבן אָפּצוגעבן,
ווייל בעסער שטאַרבן פאַר דער פרייהייט, כ׳שווער! —
ווי היניען, ווי אַ שקלאַף, דאָס גאַנצע לעבן!״ —

---

## צ ע ז אַ ר

(100—44 פּ. ס.)

עס רויכערט ווייַרוך זיך אויף פרעכטיקע אַלטאַרן.
די פּריסטער זינגען לויב דעם העלד פון רעפּובליק.
דריי טעג שוין יובלט רוים: ס׳איז צ ע ז אַ ר דאָ צוריק
פון זיג אין גאַליע אַנטקעגן די באַרבאַרן.

נאָר צעזאַר׳ס האַרץ איז שווער און טרויעריק זיין בליק.
ער מייַדט דעם יום־טוב אוים פון שקלאַפן און פון האַרן.
ער ווייסט: עס לויערן ערשט דאָ אין רוים געפאַרן —
עס גרייטן שונאים אים אַ מעסער, צי אַ שטריק.

אין טאָגע פורפורנער ער טראָגט זיך איבער סקווערן:
ווער וועט אים ראַטעווען פון בלוטיקער פאַרשווערונג,
ווען ס׳וואָרט שוין ב ר ו ט ו ס ׳ האַנט אויף אים
אין סענאַט־זאַל?

זינט דאַן — אויף יעדן צעזאַר וואַרט דערזעלבער גורל:
וואו נאָר אויף בלוט און זיג אַ צעזאַר ווערט געבוירן,
עס שאַרפט שוין פאַר זיין האַרץ אַ ב ר ו ט ו ס
זיין קינזשאַל.

## ישו הנוצרי

ביזט נישט יהוה'ס זון — געפעלשט האָט די יעוואַנגעל:
דײן מוטער איז געװען אַ כשר אידיש װײב.
בלױז יוסף האָט באַרירט איר יונג און מײדליש לײב —
און פון זײן זאָם איז זי געװאָרן שװאַנגער.

אַזױפיל יאָרן שױן װי טרײבסט פון זיך און טרײבסט
דער טשאַד פון װײרױך און די קלױסטער-קלאַנגען.
דו ענגסט אױף פרעמדן קרײץ—און װערסט זיך אין גראַנגל
אַנטקעגן פינצטערן און פאַלשן איבערבלײב.

כ'הער אָפט, װי ס'װײנט דײן האַרץ אין נישעס אױף די ראָגן.
דו װײסט: װען ס'קאָן אַ מענטש דעם צלם-מענטש
נישט טראָגן,
װאָס װעט אים העלפן שױן די דערנער-קרױן פון גאָט?

צי פלאָגט דיך נישט צומאָל די פינצטערע חרטה:
האָסט בלױז אײן טאָג דעם קרײץ געטראָגן צו גאָלגאָטע —
און מיר? — צװײ טױזנט יאָר מיר לײדן אױף גאָלגאָט.

---

## יהודה איש-קריות

דעם דריטן טאָג שױן ענגט, געקרײציקט פון פילאַט[1],
דער סטאָליאַר גלילער, װאָס רופט זיך „פרינץ פון שלום".
פונװײטן קוקן-צו די צװעלעף אַפּאָסטאָלן:
אין אױגן טליעט שרעק, אין הערצער שרפ'עט חשד.

דער ערשטער ש מ ע ו ן רעדט: — „זאָל פאַלן
אונזער קללה
אױף דעם, אין װעמעס האַרץ עס װערימט זיך פאַרראַט.
אױב עמיצער פון אונז איז שולדיק אין דער טאַט,
גאָט, ביזן צענטן דור פאַר ישו'ס פײן באַצאָל אים!" —

און ס'ענטפערט טרױעריק יהודה איש-קריות:
— „גענוג צו שילטן זיך, מײן ברודער שמעון-פעטער —
י ש ו ע איז מײן פרײנט, נאָר ש ד י איז מײן גאָט.

— „שױן בעסער אומװאָגלען מיט צײכן פון פאַררעטער
און זײן, װי ער, געקרײצט צו שענדלעכער גאָלגאָט,
װי בוקן זיך צו אים, װי הײדן — צו די געטער". —

---

1) פילאַט — דער רױמישער גובערנאַטאָר, װעלכער האָט געהײסן קרײציקן ישו'ן.

## אַ האַספּער

אויף וועגן שטויביקע פון בלוטנדיקער ערד,
וואו ס'רוישט די לעצטע שלאַכט אין קריג פון גוג ומגוג,
האָט צוגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף אויסגעדאַרטן לאַגל
דער גרויער וואַנדערער, דער אַלטער אַ ה אַ ס פּ ע ר.

עס רעדלט איבער אים פאַרביי אַ שווערער וואָגן,
עס טרעטן אויף זיין ברוסט די קאָפּיטעס פון פערד,
עס פידלט אויף זיין גוף דעם קריגער'ס שאַרפע שווערד —
אים אַרט עס נישט... ער ווייסט: ס'איז ווייט נאָך
ווייט דער וואָגל.

עס ליגט פאַרטאַיעט־וואַך און האַלט די מאָס און וואָג
און הערט דעם שלויען שפּאַן פון ע י ק ב י ד מ ש י ח א:
ס'וועט מ ג ו ג אומקומען און אומקומען וועט ג ו ג
אין רשעות אייגענער, אין בלוטיקער רציחה.

ער ווישט זיך אָפּ דאָס בלוט און זעט: עס העלט אויף טאָג.
ער הויבט זיך אויף און שפּאַנט אויף ווייטערע שליחות.

---

## יאָזעפוס פלאַוויוס

(37—100 נ. ק.)

דריי טעג שוין יובלט רוים. עס פלאַטערט צעזאַר'ס פאָן:
יהודה איז באַזיגט, צעשטערט דאָס הויז פון בורא.
עס טראָגן טמא הענט די גילדערנע מנורה —
אַ יובלדיק געשאַנק צו טיטוס' זיגער־טראָן.

און בלויז י אָ ז ע פ ו ס שטייט, געהילט אין מרה־שחורה,
מיט האַרץ צעוויטיקטן, אויף מירמעלנעם באַלקאָן.
ער זעט: ג ו ש - ח ל ב[1]) שפּאַנט, אין קייטן אָנגעטאָן,
נאָך זיגער'ס רייטוואָגן עס שלעפּט זיך ב ר - ג י ו ר א[1]).

זיין האַרץ איז איבערפול מיט פיין און מיט חרטה:
— האָט ער דען דאָס געמיינט? איז דאָס געווען זיין טרוים,
ווען ער געוואָרנט האָט פאַר'עקשנ'טע זעלאָטן,
געבעטן זיך ביי זיי נישט קעמפן קעגן ר ו י ם? —

און פלוצים לויכט אים אויף אַ טרייסטנדיקער רעיון:
— „כ'וועל בויען דאָ אין רוים אַ נ י י י ר ו ש ל י ם!" —

---

1) יוחנן גוש־חלב און שמעון בר־גיורא — צוויי העלדישע אי־דישע קעמפער קעגן רוים, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די רוימער.

## נ ע ר אָ

(37—68 נ. ק.)

הויך איבער רוים, אויף טורעם פון מעצענאַס[1]
שטייט צעזאַר נעראָ אין זיין שענסטן קלייד:
— „די שטאָט איז מיאוס מיט העסלעכקייט פון טויט —
זאָל ברענען רוים מיט צירקן און אַרענעס!" —

עס צינדט דער הימל אָן זיך צונטער־רויט,
עס לעקן פלאַמען ס'טעמפּל־הויז פון ווענוס.
און נעראָ קוקט אויף פלאַמעדיקע סצענעס —
אין אויגן גליט אַ וואַנזיניקע פרייד.

אין צעזאַר'ס האַנט אַ געלע האַרפע ציטערט,
אויף נעראָ'ס קאָפּ — אַ קלאָאונישע הויב:
— „העי, הער זיך צו, דו — מעכטיקער יופּיטער,
נישט וואַרט פון מיר קיין תפילה און קיין לויב.

עס ברענט דיין שטאָט מיט טעמפּלען און מיט גיטער —
און גאָט — בין איך, און דו — ביזט אַש און שטויב!" —

---

## ט י ט ו ס

(41—81 נ. ק.)

אויף טראָג־בעט פורפּורנעם ליגט אימפּעראַטאָר ט י ט ו ס,
שוין זיבן יאָר אַזוי אין וויטיקן ער ליגט:
מיט שנאָבל שטאָלענעם עס פּיקט זיין מאַרך אַ פליג
און לאָזט נישט איינליגן אויף גאָלד־באַזוימטער מיטה.

עס שטייען פאַר אים אויף די בילדער פונם קריג:
דער פאַל פון דוד'ס שטאָט, אויף גאַסן הייסע שחיטות,
דער טריאומפאַלער צוג פון יובלענדיקע סוויטעס,
ווען ס'האָט אים רוים באַלוינט פאַר זיין געקרוינטן זיג.

און ט י ט ו ס רופט אין פּיין זיין טרייע וו ע ר אָ נ י ק ע[2]:
— „קום, אידין, בעט פאַר מיר רחמנות ביי דיין גאָט,
איך וועל באַלוינען אים און כ'וועל דיין פאָלק באַגליקן!"

און וו ע ר אָ נ י ק ע קניט: — „אל נוקם ואל נוטר,
צו־שוואַך איז קליינע פליג, צו־ווייניק זיבן טויטן
צו צאָלן טיטוס'ן פאַר אונזער שאַנד און שפּאָט!" —

---

1) טורעם פון מעצענאַס — דאָס העכסטע פּלאַץ אין רוים.
2) וועראָניקאַ — טיטוס'עס אידישע געליבטע.

## בר-כוכבא

(90—135 נ. ק.)

אנטווישט אין אַלץ, געיאָגט נאָך לעצטער שלאַכט,
פון פאַלשע פריינט, פון שונאים און פאַררעטער,
ב ר - כ ו כ ב א זיצט פאַרשפאַרט אין פעסטונג ביתר.
מיט אים ע ק י ב א טיילט די לעצטע נאַכט.

בר-כוכבא קלאָגט: — „דאָס חיל איז צעשמעטערט,
עס יובלט רוים אויף יעדן שטעג און שליאַך.
עס וועט מיין פאָלק דערמאָנען מיך צום שמאָך,
און איך — גאָט ווייסט! — געוואָלט האָב זיין זיין רעטער".

עקיבא לייגט-אַרויף אויף אים די האַנט:
— „פאַרצווייפל נישט, ס'איז דיינער דער נצחון:
גערופן האָסט דיין פאָלק צום ווידערשטאַנד
און טיף פאַרזייט אין האַרץ ביי אים בטחון.

און דורות-לאַנג וועט טליען, ווי אַ בראַנד:
ס' א י ז ב ע ס ע ר ט ו י ט, ו ו י ל ע ב ן
א ו נ ט ע ר י אָ כ ן!" —

## רב-עקיבא

(65—135 נ. ק.)

געזיגט האָט רוים. עס פוסטעווען ישיבות.
אויף ליפּן שטומט פאַר'אָבל'ט ס'וואָרט פון גאָט.
אין חורבות ב י ת ר ליגט, די לעצטע שטאָט,
און וואו אַ הויז — איז בראָך און קלאָג און שבעה.

ס'האָט רוים געזיגט. בלויז איינער בעט קיין גנאָד
ביים בייזן פיינט — דער אַלטער ר ב - ע ק י ב א.
מיט מילדן בליק, מיט שטאָלצן קאָפּ, מיט סיוועו
ער שפאַנט-אַרויף אויף טרעפּ פון עשאַפאָט.

דער שונא רייסט זיין לייב מיט אייזן-קאַמען...
אויף ליפּן גליען ווערטער, הייס ווי פלאַמען:
— ש מ ע י ש ר א ל א ד ו ש ם א ח ד! —

עס שטוינט אין שרעק די בלוטיקע מסיבה...
און ס'איז דער טויט פאַרגליווערט שטיין געבליבן...
און ס'האָט אין הימל אויפגעציטערט ג אָ ט.

# אַ ט י ל אַ

(געשט. 453)

נישט חיות ווילדעוועז אין אורוואַלד אָן אַ צאַם
אין טראַמפּלדיקן לויף נאָך הירשישע טאַבונען, —
דאָס יאָגט פון אַזיע דער קיניג פון די הונען,
אַ ט י ל אַ — בייטש פון גאָט[1]) — זיין מערדערלעכן שטאַם.

עס ציטערט שטאָלצער רוים, געטראָפן ווי פון דונער,
איירָאָפּע קאָרטשעט זיך — פון רהיין ביז שווארצן ים.
וואו נאָר ער שטעלט אַ פוס, פאַרצערנדיקער פלאַם
פאַרניכטעט הויז און פעלד און טריקנט־אויס דעם ברונעם.

שוין פופצן הונדערט יאָר, ווי ס'האָט דיין ברוינע פעסט
מיט אָטעם פלאַמיקן איירָאָפּע שיער פאַרטיליקט —
און ווידער איז אַרוים אין גרויזאַמען פאַרמעסט
פון שוואַרצע אורוועלדער ברוין־הויטיקע ג אָ ר י ל ע.

און ווידער טראַמפּלען שוין — פון וואַרשע ביזקל ברעסט —
איירָאָפּע'ס פעלדער דיינע אייניקלעך, אַ ט י ל אַ!

---

# טשינגיסכאַן

(1155—1227)

נישט ווינטן זאַמדיקע פון מדבר־בערג כינגאַן
פאַרשאָטן האָבן שטעט אין פחד און אין מורא, —
דאָס יאָגן איבער סטעפּ געל־הויטיקע גבורים,
„די האָרדע גאָלדענע" פון קעניג ט ש י נ ג י ס כ אַ ן.

ביים ברעג ביים קאַספּישן, געהילט אין מרה־שחורה,
דער קעניג רייט אַליין, דערווייטערט פון זיין קלאַן.
און ס'פאָרט אַנטקעגן אים אַן אַלטינקער שאַמאַן[2]):
— „מכשף הייליקער, זאָג, וואָס וועט זיין מיין גורל?" —

דער אַלטער קוקט מיט צער אויף גאָלד־באַצירטן פערד,
און ס'ציטערט־אויף זיין שטים: — „זאָל זיין איך
ווידערשפּעניק,
דעם נביא'ס וואָרט איז פריי און קיינעם אונטערטעניק.

— „דיין סוף וועט זיין דער סוף פון מינדסטן אויף דער ערד,
ווייל ווער עס הויבט די שווערד, דער פאַלן מוז פון שווערד!"—
עס וואַרט אויף שטראָף שאַמאַן. נאָר ס'שטומט אין פיין
דער קעניג.

---

1) אַטילאַ — דער קעניג פון ווילדע הונען, איז גערופן געוואָרן „גאָט'ס בייטש" פאַר זיינע מערדערלעכע מעשים.

2) שאַמאַן — מאָנגאָלישער פּריסטער.

# מ אַ ה אָ מ ע ד

(571—632).

אויף זיידן בעט אין רעזיגנירטער פּאָזע
אַ קראַנקער ליגט דער אַלטער מ אַ ה אָ מ ע ד.
עס שטאַרבט דער טאָג אויף שפּיץ פון מינאַרעט —
און ס׳פאַלן שאָטנס לילאָווע און ראָזע.

אין צער געבויגן, ביי זיין קראַנקן-בעט
שטייט יונגע א י י ש אַ[1], ווי אַ שלאַנקע לאָזע:
די אויגן — פלאַם, די שוואַרצע האָר — צעלאָזן —
און הערט דעם קראַנקנ׳ס רייד פון הינערפּלעט:

— „איך האָב דער מענטשהייט הימל-פרייד פאַרשפּראָכן
מיט נאַקעטע לייב אין שיין פון אַללאַ׳ס ברכה
אין קילן שאָטן פון גן-עדן בערד.

— „ס׳איז ליגן אַלץ! נישטאָ קיין גליק און פריידן,
נישטאָ קיין אַנדער ליכטיקער גן-עדן,
חוץ פרייד מיט דיר אויף זון-געקושטער ערד!״ —

---

# רמב״ם (מיימאָניד)

(1135—1204)

אַ לעבן-לאַנג געזוכט דעם געטלעכן יסוד:
אין תורה הייליקער, אין לערעס פון די שייכן.
זיין מוח האָט שיפרירט מצרים׳ס אַלטע צייכן,
אַ ר י ס ט אָ ׳ ס לאָגיקע און ע ס ק ו ל א פּ ו ס ׳ סוד.

און ס׳האָט זיך אים אַנטפּלעקט זיין מאַיעסטעט — דער
ש כ ל
אין ליכטיקן געשטאַלט פון ווייזן ל אָ ג אָ ס - ג אָ ט,
האָט ער אים אויסגעקריצט די נייע צען געבאָט
און זיי דערלאַנגט דעם פאָלק פאַר טעגלעכע געברויכן.

ער האָט צונויפגעפּאָרט ר ע ל י ג י ע מיט ו ו י ס ן,
געוואָגט צעגלידערן א מ ו נ ה, ווי אַ גליד, —
און ס׳האָט זיין שלוּיער דור, אָן רחמים און געוויסן,
מיט חרם און מיט שאַנד געדראָט דעם מ י י מ אָ נ י ד.

און ער—אַ נייער מ ש ה — מיט זיין „מ ש נ ה ת ו ר ה״
האָט צ׳ריקגעקערט זיין פאָלק אויף וועגן פון זיין בורא.

---

1) איישאַ — מאַהאָמעד׳ס באַליבטע ווייב.

## שלמה איבן גבירול (1050—1020)

עס רוישט גוואדאלקוויוויר[1]. ביים ברעג שפאנט
א י ב ן - ג ב י ר ו ל[2]

און קלאגט זיך פאר זיין פריינט, דעם מורישן פאעט:
— „מיין גוף בלויז שפאנט אויף דר'ערד אין שטומען
הינערפלעט,
נאר הויך אין וואלקנס שוועבט מיין גייסט און ציילט
דארט ספירה". —

און ס'ענטפערט אים זיין פריינט: — „ביזט, שלמה,
א פראפעט.
דיין ווארט איז פייער־פלאם און שטארק, ווי ווין, דיין שירה.
און קלאנגלאז איז און טויב אנטקעגן דיר מיין לירע"...
און ס'בלאנקט אין זיינע הענט א בלוילעכער סטילעט.

א קורצער אויסגעשריי צעמעסערט הייס די הייכן.
און ווידער שטיל און שא. די בוימער — נישט קיין ריר.
באוועגלאז שלמה ליגט, אויף ליפן גליט א שמייכל.
צעלעכערט איז זיין הארץ, פארשטומט זיין זיסער שיר.

און ס'הויבט דער מור אים אויף אויף הענט פארבלוטיקט־
בלייבע
און שליידערט אים אין טייך... און ס'רוישט גוואדאלקוויוויר.

## יהודה הלוי (1145—1080)

דו האסט ארויסגעשיקט די לידער דיינע — טויבן,
מיט האניק האבן זיי צו דיר זיך צ'ריקגעקערט,
און איך האב מיינע לידער אפט מיט גאל געגערט, —
ווי ראבן האבן זיי געבראכט מיר ווילדע טרויבן.

א, זינגער פון מיין שטאם, געוועזן איז דיר באשערט
דאס גליק צו זינגען ס'ליד פון בענקשאפט און פון גלויבן
און קומען אין דיין לאנד און קושן געלע שטויבן
און פאלן פון דעם פיינט אויף אויסגעטרוימטער ערד.

דו האסט געהאט די פרייד דיין לעבן צו באצאלן —
און ליכטיק איז געוועזן דער קרבן דיר און זיס.
געבליבן ז'נישט צעשטערט אין דיר דער הייסער חלום,
ווייל בלויז דיין ארעם הארץ צעלעכערט האט די שפיז.

און איך? מיין הארץ איז גאנץ, נאר טאפלט איז די קללה:
עס איז מיין העלער טרוים צעטראטן מיט די פיס...

1) גוואדאלקוויוויר — א טייך אין שפאניע.

2) די לעגענדע דערציילט, אז דער בארימטער העברעאישער דיכטער שלמה איבן גבירול איז געטויט געווארן פון זיינעם א פריינט.

## ד אַ נ ט ע

(1321—1265)

די נאַכט איז היים אין באַרגיקער ראַווענאַ.
עס בליצט דער ים, ווי גרינער שלאַנגען־שופּ.
ביים פענצטער אָפענעם פון ענגער שטוב
אין בלוי־באַגינען שמועסן צוויי מענער.

דער יונגער רעדט: — „צעבונדן האָסט דעם קנופּ
פון אונזער שפּראַך, פּאָעט און וועלטן־קענער...״ —
דער אַלטער ענטפערט: — „ס׳קרייען שוין די הענער,
דער ערשטער שטראַל באַגילדט האָט שוין דעם סלופּ״. —

דער יונגער רעדט: — „איך ווייס, פאַרזייט מיט דערנער
געווען ז׳דיין וועג, נאָר ס׳איז דיר נאָך באַשערט
צו זען דעם בלי פון דיינע זיסע קערנער.״ —

דער אַלטער מורמעלט טרויעריק־פאַרקלערט:
— „איך האָב געזען דעם שוידער פון אינפערנאָ —
איז איצט מיר שווער צו לעבן אויף דער ערד.״ —

---

## ג ו ט ע נ ב ע ר ג

(1468—1397)

ביינאַכט. עס דרימלט מאַינץ אין שאָטן פון דער פעסטונג.
אין שמאָלע ברעגן פליעסקעט זיך דער שטילער רהיין,
און ס׳שפּיגלט זיך אין אים ביים קאַלטן שטערן־שיין
דער טורעם שטיינערנער מיט אַלע זיינע נעסטן.

דער פרילינג־ווינט באַרוישט, ווי אַלטער רהיינער וויין.
די ליכטער אויפן טייך מיט שטערן זיך פאַרמעסטן.
אין אויפגערוימטער שטוב, אין עק־שטאָט, ווייט אין וועסטן
זיצט אַלטער ג ו ט ע נ ב ע ר ג און קלאָגט זיך פאַר
אַ פריינט:

— „איך האָב גאָט׳ס אותיה׳לעך דער מענטשהייט אַ מתנה
אין זיסער שאַפונגס־פרייד אויף היגער ערד געבראַכט.
און זיי? — מיין דרוק־מאַשין פאַר מערדער און תליונים
זיי נוצן שוין — צו זינגען זיי אַ שבח״. —

עס גליען טרערן צוויי אויף טיף־געקאַרבטן פּנים.
מיט לערע אויגלעכער קוקט דער פריינט און לאַכט.

## טאָרקווּעמאַדאָ

(1498—1420)

אין צעל איז שטיקעדיק, אין קאַנדעלאַבער ציטערט
דער צאַנקנדיקער קנויט פון טריפנדיקן ליכט.
דעם אָרעם אָנגעשפאַרט אויף פאַרמעטן געזיכט,
זיצט איבער פאַרמעטן דער גרויסער אינקוויזיטאָר.

ווי שפּינען — נאָך אַ פליג, די שטילקייט לאַנגזאַם קריכט
און זשומט אין אויערן פון שפּאַניע'ס פרומען היטער:
ער מוז נאָך היינט ביינאַכט דאָ אָנשרייבען זיין ביטע
צום קעניגליכען פּאָר — און ס'איז דערפילט זיין פליכט.

ביים זייט דער טייוול שטייט. דער האָס אין אויגן פינקלט.
— „העי, טייוול, לייכט מיר צו — ס'איז חושך דאָ
אין ווינקל!" —
דער טייוול נעמט דאָס ליכט. דאָס פייער גיט אַ ציש...

און ס'שפריצט דעם טייוול'ס בלוט אין פלאַמיקע קאַסקאַדן.
זיין פּען אין בלוט פון שד טונקט לאַנגזאַם טאָרקווּעמאַדאָ —
און חת'מעט איילענדיק דעם פאַרמעט אויפן טיש.

---

## קאָלומב

(1506—1446)

שוין אַכציק טעג עס טרעט נישט אָפּ פון רודער
דער ג ע נ ו ע ז ע ר איד. דאָס האַרץ איז שווער.
נאָר נישט דער הונגער מאַטערט אים, — ער הערט:
פון נאָענטסטן טריום עס טראָגט זיך אַ געהודער.

און איינער שרייט: — „חברים, ציט די שווערד
און וואַרפט אין ים אים — פאַר די פיש אַ סעודה!" —
און רואיק פרעגט ק אָ ל ו מ ב : — „פון מאַסט וואָס
זעסטו, ברודער?" —
און ס'ענטפערט אים דער יונג: — „על קאַפּיטאַנאָ, ערד!" —

האַרמאַטן קנאַלן. ס'הילכן־אָפּ די שאָסן
און קייקלען זיך, ווי עכאָס, איבער ברעג.
עס קניען פרום און שוויגעדיק מאַטראָסן,
אין בליקן — פרייד, באַוואונדערונג און שרעק.

בלויז איינער רואיק שטייט אויף בריקל פון אָקרענט —
און שלינגט די בלויע ווייט פון נייעם קאָנטינענט.

## קאָפּערניק

(1543—1473)

ס'איז נאַכט אין פּוילנלאַנד. עס דרימלען זאַנג און סטויג.
אין בענקשאַפט שטרעקן זיך די אומעטיקע פלוינען.
אין שורוועס וואַלדישע, ווי שדים וואָלטן ווינען,
רוישט ווינט — דער וואַנדערער — און הודיעט ווי נ'אַ פּויק.

ביים זוים פון וואַלד אַ שלאָס. אויף גאַניק גאָלדיק־ברוינעם
קאָפּערניק זיצט פאַרטראַכט. זיין קלאָר און וואַכזאַם אויג
האַלט וואַך אין בלויען רוים און היט דעם שטערן־רויג,
וואָס מיניעט זיך אין שפּיל פון בלענדענדיקע קרוינען.

דער מילכוועג שעמערירט מיט ליכט פון זילבער־זויבער.
דער הימל ליגט פאַר אים — אַ לויכטנדיקע לער.
אויף אַקסן אייגענע אין שטראַלנדיקן צויבער
אַרום דער זון זיך דרייט דער בלויער אוניווערז.

ער הויבט זיך אויף פון פּלאַץ, אין פליי פון שטערן־גאַרבן:
— „דיין סוד איז מיר אַנטפּלעקט. איצט קען איך, גאָט,
שוין שטאַרבן." —

---

## גאַלילייִ

(1642—1564)

ס'איז טויט דער מיטלאַלטער, נאָך זיין אַש נאָך גליט.
עס טליען נאָך אין לאַנד די שייטערס און שאַפאָטן.
עס הויערט איבער פ י ז א טאָרקוועמאַדאַ'ס שאָטן
און שרעקט דעם זינדיקן און ברענט נאָך זיינע טריט.

אין נאָמען פון דעם ז ו ן, דער מ ו ט ע ר און
דעם פ אָ ט ע ר
פאַרזאַמלט זיך אין צעל דער הייליקער סינקליט.
דער אַלטער ג אַ ל י ל י י פאַר קאַרדינאַלן קניט —
און ס'פליסן פון זיין מויל די ווערטער פון חרטה.

נאָר ס'האַרץ זיינס זינגט פון פרייד: — „מיט מאַטערניש
און מיתה
זאָל דראָען מיר די קירך אין חושכ'דיקן צעל, —
דער פויסטיקער געדאַנק איז מעכטיקער פון תפיסה,
און שטאַרקער איז פון טויט די פאַרשנדיקע זעל.

— „דורך האַס און פינצטערניש און שוועבלדיקע שלאַקסן:
די ערד — זי דרייט זיך דאָך אויף אומזעבאַרע אַקסן!" —

## לעאָנאַרדאָ דאַ-ווינטשי

(1519—1452)

ס'איז פּאַרטיק דער פּאָרטרעט: די קלוגע מאָנאַ-ליזאַ
פון לייוונט קוקט-אַראָפּ. עס מיניעט זיך ס'געזיכט
מיט פרומער איידלקייט — און ראַדיאירט מיט ליכט,
די אויגן מאַנדל-ווייך און גליאיק, ווי די שפּיזן.

דאַ-ווינטשי קוקט פאַרווירט, צום האַרצן צווייפל קריכט:
— האָט ער דען נישט גענוצט די פאַרבן די פּרעציזע? —
ער מעסט עס מיטן אויג, שטעלט לעצטע עקספּערטיזע:
— יאָ, עפּעס פעלט דעם בילד — עס פעלט דער לעצטער
שטריך.

און פּלוצים טויכט אים אויף אין מוח אַ דערמאָנונג:
אַ קליינער סקווער אין רוים, אַן אָוונט אין אַפּריל,
אַ גאַסנמיידל שטייט מיט אויסגעצערטן פּנים,

דער שמייכל תאווה'דיק, פאַרפירעריש און ווילד,
נאָר אויגן הייליקע און צאַרטע, ווי אַ נאָנע...
ער לייגט דעם לעצטן שטריך — און פאַרטיק איז דאָס בילד.

---

## מיקל-אַנדזשעלאָ

(1564—1475)

מיט פלאַמיקן געזיכט, צעשמיסן און פאַרברווינט,
פאַר משה'ס שטיין-געשטאַלט, אין הענט אַ שאַרפע דלאָטע,
שטייט מ י ק ל - אַ נ ד ז ש ע ל אָ, דער מייסטער
ב ו נ אַ ר אָ ט י,
פון שאַפונג אייגענער צום ערשטן מאָל דערשטווינט.

און לעבן אים, געפּלעפּט, זיין תּלמיד, ווי אַ שאָטן,
אין שטילער ערפורכט רעדט: — „אָ, צויבערער פון שטיין,
ווער נאָך, ווי דו, געקאָנט וואָלט שאַפן אַזוי שיין
דאָס געטלעכע געשטאַלט — און ס'זאָל אַזוי געראָטן?" —

דער אַלטער מייסטער קוקט — אין שמייכל טליעט פּיין,
אין אויגן אומעט גליט — אַ גאָלדענער נר-תּמיד:
— „דעם מענטשנ'ס קערפּער אויסהאַקן איז לייכט, מיין
פריינט,
נאָר שווער, ווי גרויזאַם-שווער — די געטלעכע נשמה..." —

דער תּלמיד שווייגט פאַרווירט — פון פרייד זיין פּנים שיינט.
דעם מייסטער'ס ליכטיק קול פאַרגייט זיך אין אַ יאָמער.

## פראנסוא ווילאָן

(1485—1441)

דער וואלד איז טיף — קוים דורכצוגייען די שטעגן.
אין האַנט אַ ביקס, אין גאַרטל — אַ סטילעט,
שפּאַנט־אום ו ו י ל אָ ן, דער רויבער און פּאָעט,
און זוכט אַרום אַ פּאַסיקן געלעגער.

— „פאַרקשלאָפּטער מענטש האָט אָנגעבויעט שטעט —
און איך האָב פּיינט די שטאָט און איר פאַרמעגן.
איך פיל זיך פריי — אַ רויבער אויף די וועגן:
דאָ דין איך גאָט מיט שווערד און מיט סאָנעט." —

די נאַכט פּאַלט־צו אַ פינצטערע, אַ רויע.
פאַרטאַיעט קריכט אין וואלד דער חיה'ס טראָט.
אַ מידער פאַלט ו ו י ל אָ ן אויף בעט פון כוואָיע
און טראַכט מיט פרייד, מיט זעליקייט און גנאָד:

— „געבענטשט זאָל זיין די חיה אויפן לויער,
דער פרייער מענטש און וואַכעדיקער גאָט!" —

---

## איוואַן גראָזני

(1584—1530)

ביינאַכט. דער קרעמעל גליט אין אָפּשיין פון לבנה
און שפּיגלט זיך אין טייך — אַ גאָלד־באַזוימטער וואָן.
אין טראָן־זאָל פונם צאַר קניט גרויזאַמער א י ו ו אַ ן
און קרעכצט און צלמ'ט זיך פאַר גילדערנער איקאָנע.

— „אָ, הייליקער כריסטאָס, מיט שטראָפנדיקער האַנט
האָב איך אַ תל געמאַכט פון אַלע מיינע שונאים.
כ'האָב נישט געשאָנעוועט אין פינצטערער סכנה
אַפילו נישט מיין זון, מיין יורש, מיין י אָ ה אַ ן.

— „מיט שנאה און מיט גאַל איז פול, שוין פול מיין כוס.
צי זעסטו נישט: ווי דו, איך לייד דאָ אויפן צלם?" —
ער הויבט די אויגן אויף: פון הינטער שווערן גלאָז
קוקט יעזוס, ווי זיין זון, וואָס ער האָט ערשט געקוילעט.

ער שפּרינגט אין פּחד אָפּ און שרייט מיט ווילדע קולות:
— „העי, וועכטער, קרייציקט אים, דעם ליגנער —
דעם כ ר י ס ט אָ ס!" —

## סערוואַנטעס

(1616—1547)

די נאַכט איז ווינטיק, איבער אַלטער שטאָט
אויף הימלען קריכן וואָלקנס, ווי די טראַנטעס.
אַנטוישט אין אַלץ, אין תפיסה זיצט ס ע ר ו ו אַ נ ט ע ס.
זיין האַרץ איז מיד פון פייניקונג און שפּאָט.

פאַר אים ליגט ס׳בוך פון ריטער פון לאַמאַנטשער,
זיין סומנער בראַווער ריטער ד אָ ן ק י כ אָ ט,
וואָס זוכט אין לעבן מענטשלעכקייט און גאָט
און שטאַרבט פון הונגער מיט זיין חבר פּ אַ נ ט ש אָ.

ער לייענט און לייענט — און ס׳רייסט זיך אַ געשריי
פון קראַנקן האַרץ, פון פּיין און פרייד פּאַרוואונדעט:
— „אַנטשולדיקט מיר, איר — ס אַ נ ט ש אַ,
ד ו ל צ י נ י י —

און דו — ק י כ אָ ט — מיין אויסגעטרוימטער וואונדער, —
וואָס כ׳האָב דורך אייך מיט חוזק און מיט וויי
דאָ אויסגעלאַכט מיין שונדישן יאָרהונדערט!" —

## ש ע ק ס פּ י ר

(1616—1564)

אויף הימלען לאַנדאָנער אַ נאַסער נעבל
דעם דריטן טאָג שוין הענגט, ווי אַ דעליר.
די טעמזע פליסט — אַ שווימיקער פּוכיר,
דאָס וואַסער שמעקט מיט ים-מושלען און שוועבל.

אויף גראַמען בעט אַ קראַנקער ליגט ש ע ק ס פּ י ר.
אין מידע אויגן עקשנ׳ט זיך דאָס לעבן.
עס קניט פאַר אים דער קיניג און דאָס פּעבל —
און ער? ער ציטערט דאָ פאַר טויט׳ס באַריר.

ער קוקט: אויף פּאָליצעס אַזויפיל בענדער.
און פלוצים הערט אַ קול ער אין דער נאַכט.
ס׳איז ש י י ל אָ ק ׳ ס קול: — „האָסטו געמיינט
צו שענדן

דורך מיר מיין פאָלק, ווי ב ל ע ם פון תנ"ך,
צי בענטשן גאָר מיין נאָמען צווישן לענדער?" —
עס שווייגט דער באַרד — און ש י י ל אָ ק לאַכט און לאַכט.

## אוריאל אַקאָסטאַ

(1640—1594)

די נאַכט איז פול מיט האַס, מיט אומעט און מיט בראַנד.
די שעה'ן גליען היים — און יעדע שעה — אַ מעסער.
פאַריאָגט פון אייגענע, פון פיינט און פריינט פאַרגעסן,
צעפייניקט ליגט און טראַכט  אַ ק אָ ס ט אַ —דער מאַראַן:

— „שוין צוואַנציק יאָר איך בוי דאָ זייפנבלאָזן־שלעסער —
און יעדער שלאָס צעגייט, ווי פוטער אויף דער פאַן...
אומזיסט באַדעקט דעם קאָפּ מיט חרם און מיט שאַנד —
דאָס קריסטנטום איז פאַלש, דאָס אידנטום — נישט
בעסער!" —

עס גייען אים פאַרביי די בילדער פון זיין ח ר ם :
ס'איז פול די אַלטע שול, עס ברענען שווארצע ליכט,
און שונאים הייטיקע און נעכטיקע חברים
מיט פויסטן דראָען אים און שפייען אין געזיכט.

נאָר הער: אויף שפּיץ פון כרוב עס יאָמערט שטיל די שכינה.
און ס'הילכט אַ שטומער שאָס אין בלוילעכן באַגינען.

---

## שבתי־צבי

(1676—1626)

די נאַכט איז היים. מיט פיבערדיקן טראָט
אין סולטאַנ'ס הויף שפּאַנט־אום דער פאַלשער גואל.
וואָס טוט ער דאָ, אַהינטער תפיסה־טויער
אין פרעמדן לאַנד, אויף קיינעמ'ס נישט באַראָט?

ער שפּאַנט און טראַכט: — „דו גלויבסט נאָך אַלץ, ישראל,
צי זעסטו נישט: דיין גלויבן איז באַנקראָט?
און אפשר איז יהוה נישט קיין גאָט?
צי אפשר איז ישראל גאָר נישט ראוי?

— „איך האָב געוואָלט מיין אומעטיקע אומה
פון אומקום ראַטעווען דורך העכסטער פרייד,
נאָר בלויז איין טראָט פון קדושה פירט צו טומאה..." —

און ס'בליצט אים אויף אַ גליקלעכע מחשבה.
ער קלאַפּט אָן טיר: — „העי, וועכטער, איך בין גרייט!
אַללאַ איז גאָט און מאַהאָמעד — זיין נביא!" —

## מ ה ר " ל

(1609—1520)

ס׳איז נאַכט און ווינט און חושך הינטער פּ ר אַ ג.
אין טרויער רוט דאָס אידישע בית-עולם.
אויף פּייכטער ערד אַ טויטער ליגט דער גולם —
און לעבן אים צעבראָכן ליגט די האַק.

אויף בוימער-שפּיצן הענגט שטשערבאַטער מולד
און טייטלט מיט אַ פינגער, ווי אַ פּסק.
דער אַלטער רב שטייט אָנגעשפּאַרט אָן פּניאַק
און שעפּטשעט שטיל און מעסט דאָס פעלד אין איילן:

— „פאַרגיב מיר, גאָט! אין טעג אין גרויזאַם-דולע
האָסטו דיין קנעכט געשטעלט דאָ אויף דער וואַך.
האָב איך מיט גוואַלט דערנענטערן די גאולה
געזוכט אין איילעניש דורך רויער מאַכט.

— „נאָר אויב ס׳איז האַק געצייכנט אונז פון אויבן,
נישט מיר, נישט מיר — זאָל פרעמדע האַנט זי הויבן!" —

---

## ש פּ י נ אָ ז אַ

(1677—1632)

ער זיצט — אַ שטום געשטאַלט אין גרויען אַמסטערדאַם.
זיין האַנט די גלעזער שלייפט אין שווינדזיכטיקן פּיבער.
עס עגבערט זיין געדאַנק און זוכט די ע ר ש ט ע ס י ב ה
און וואַגט און באַרעט זיך מיט „לאַו׳ן" פון זיין שטאַם.

עס שפּרייטן זיך פאַנאַנד די ווענט פון בוידעם-שטיבל
פאַר פּויסטיקן געדאַנק, וואָס ווייס נישט פון קיין צאַם —
און פּלוצים ווערט אים קלאָר דורך נעפּלדיקן ס ת ם,
אַז ג אָ ט איז א י י נ י ק י י ט און א י י נ י ק י י ט
איז ל י ב ע.

עס זינגט דאָס קראַנקע האַרץ, עס ברומען די געדערים,
ווען שלאַבעריקע האַנט פאַרענדיקט דעם „טראַקטאַט" —
און גרינגער ווערט די לאַסט פון אויסטערלישן ח ר ם,
און זים אויף גומען ווערט דער נאָמען א פּ אָ ס ט א ט.

און לאַנגאַזם גוסס׳ט נאַכט... און אויף באַגינען-שייטער
זיין שטאָלצער קאָפּ ליגט טויט, אין לעצטער פּיין געלייטערט.

# ב ע ל-ש ם

(1760—1700)

דאָס שטעטל מעזשביזש שלאָפט אין כסלו'דיקן שימל.
אויף דעכער מולד וואַכט — אַ פּאַסטוך ביי זיין הערד.
בעל-שם-טוב הערט זיך צו: אין סטאַניעס[1] הירזשען פערד.
און פרישע חלה שמעקט מיט זאַפראַן און מיט קימל.

עס פליסט די נאַכט צו חצות. און פּלוצים ער דערהערט,
עס רופט ביים נאָמען אים אַ שטילע קלאָרע שטימע:
— „ישראל, ברענג-אַראָפּ די תורה פונם הימל
און צווישן פּראָסטן פאָלק באַזעץ זי אויף דער ערד." —

ער הויבט זיך אויף מיט פרייד פון וואַרעמען געלעגער.
ער גיסט די נעגל אָפּ, דעקט-איבער ס'ווייב און קינד:
— „האָסט מיך גערופן, גאָט — וואָס בין איך פאַר אַ פרעגער?
מסתם איז דאָ אַ נויט — אָט קום איך שוין געשווינד." —

דעם מאָרגנשטערנ'ס שטראַל באַגעגנט אים אויף שוועל.
ער נעמט אים ביי דער האַנט און פירט אים אין דער וועלט.

---

## משה מענדעלסאָן

(1786—1729)

און שפּעטער נאַכט אַליין, אין פּאָטער-שטול אין ווייכן,
אין שאַלן איינגעהילט, זיצט מ ש ה מ ע נ ד ל ס אָ ן:
— „פּאַרוואָר, אַ מענטש דאַרף קענען שטעלן אַלץ אין קאָן,
ווען ס'לעכצט אין פרייד זיין זעל דעם פּרדס צו דערגרייכן."

אויף שכנות'דיקן דאַך צעקרייט זיך ראַש אַ האָן.
אויף בלאַסע ליפּן שפּילט אַן אומעטיקער שמייכל:
— „און וואָס האָב איך דערגרייכט, אפילו אויב אין היכל
מיט זעל אומשטערבלעכער דערקראָכן איז „פ ע ד אָ ן"[2]?

— „דער מדרש זאָגט: אַ גערטנער היטן דאַרף זיין סאָד
פון ווינט און היישעריק, פון רעגנס און פון שטויבן.
און איך האָב אונזער גאָרטן נישט באַצוימט מיט דראָט,
וועט ער אויף פרעמדער ערד אונז געבן טערפּקע טרויבן."

— „איך האָב די געטאָ-ווענט צו ברעכן זיך געפּלייסט.
און וואָס האָב איך דערגרייכט? — די געטאָ פונם גייסט!" —

---

1) סטאַניעס — שטאַלן.
2) „פעדאָן און די אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה" — משה מענדעלסאָנ'ס פילאָזאָפיש ווערק.

# וואָלטער

(1778—1694)

מיט בלענדנדיקער ליכט אין גילדערנע מנורות,
ווי שטערן שעמערירט דער קעניגלעכער זאַל.
ס׳איז סוף פון קאַרניוואַל — און ס׳פירט דעם לעצטן באַל
לואי דער פופצנטער מיט קיניגין און יורש.

אין ווינקל טענה׳ט־איין אַ פעטער קאַרדינאַל
צו מעטר זשאַן וואָלטער, דעם אַלטן אפיקורס:
— „און שווער וועט זיין די שטראָף, ווי סדום און ווי עמורה,
פאַר די ניט־גלויביקע אין שוואַרצן קאַפּהאָקאַל.

— „נאָר ס׳איז ניט שפּעט, מיין זון, צו גאָט זיך אומצוקערן.
עס הערט זיך צו די קירך צום קול פון זינדער גערן,
און גרייט פאַרגעבן איז דער שאָף, וואָס איז פאַרפירט.״ —

עס שמייכלט זים וואָלטער און ענטפערט גאָט׳ס
פאַרטרעטער:
— „איך וואָלט שוין לאַנג, מיין פריינט, מיט גאָט זיך
איבערבעטן,
נאָר ס׳לאָזט נישט צו צו אים דער גלח און די קירך!״ —

---

# קאַזאַנאָווא

(1798—1725)

עס דרימלט דוקס[1] אין גרינער שטערנשיין,
אין שאָטן־ליכט פון באַרג־שפּיצן לילאָווע.
אין גרויער שטוב זיצט אַלטער קאַזאַנאָוואַ,
פאַרגעסן לאַנג פון שונאים און פון פריינט:

— „איך האָב צעשענקט מיין ליבע, ווי נדבות,
איך האָב די לוסט געזופּט, ווי טערפּקען וויין,
איך האָב געוואוסט די פרייד פון זיסער פּיין —
און כ׳קוק צוריק אָן תביעות אויף מיין עבר.

— „דערקענט די פרוי כ׳האָב נישט בלויז לייב צו לייב,
נאָר האַרץ צו האַרץ, נשמה צו נשמה.
און וואַרהאַפטיק: ס׳איז פאַלש דאָס טרייסטע ווייב —
פון פראָסטער מויד ביז איידלסטער סאַלאָמע.

— „נאָר וואָלט מיר גאָט געשענקט אַנאַנדער לעבן,
איך וואָלט דער פרוי עס ווידער אָפּגעגעבן.״ —

---

1) דוקס — אַ שטעטל אין איטאַליע, וואו קאַזאַנאָווא איז גע־שטאָרבן.

## וואַשינגטאָן (1799—1732)

ס'איז שפּעט. מאָונט־וואַוירנאָן שלאָפט. עס דרימלט
ו וּ אַ ש י נ ג ט אָ ן.
אויף טישל ביי זיין בעט אין הויכער היץ דער טראַלים.
דער זייגער טיקט און טיקט. די רגע'ס, ווי די כוואַליעס,
אַרום דעם קראַנקנ'ס קאָפּ פּולסירן מאָנאָטאָן.

ער זעט: ס'ברענט קריסטמעס־נאַכט מיט ווינט און
פראָסט, ווי סאַליעס.
ביים אייז פון דעלאַווער ליגט אויסגעשפּרייט דער פראָנט.
ער רופט: — „סאָלדאַטן־פריינט, דער אויפשטאַנד
שטייט אין קאָן!
פאָראויס, נאָך היינט ביינאַכט מוז פאַלן קאָרנוואַליס!" —

ער זעט: זיין חיל שפּאַנט דורך ווינט און פראָסט און טויט
מיט פיס מיט באָרוועסע, צעריסענע, צעברענטע...
אין יענער קריסטמעס־נאַכט געבוירן האָט אין פרייד
די פריי פון נייער וועלט דער גרויסער זיג ביי ט ר ע נ ט אָ ן.

ער שמייכלט טרויעריק. דער האָן אין שייער קרייט.
און טויט ליגט ו ו אַ ש י נ ג ט אָ ן, באַפרייט פון
לעצטער פּענטע.

---

## מאָצאַרט (1797—1756)

ס'איז שפּעטער האַרבסט אין ווין. אין קלומבעס
פרעכטיק וויאַנען
די בלומען און די טעג אין גוסס'דיקער שיין.
אין ווינקל פון אַ שענק טרינקט מ אָ צ אַ ר ט מיט
אַ פריינט:
ס אַ ל י ע ר י זיצט פאַרטראַכט און מ אָ צ אַ ר ט
שפּילט די פּיאַנאָ.

עס קלינגט דער „רעקוויעם" מיט פרייד פון לעצטער פּיין.
ס אַ ל י ע ר י הערט זיך צו — די אויגן פול מיט וואַנען:
— „ביזט, מ אָ צ אַ ר ט, אַ זשעני, איך בין דיך,
פריינט,מקנא!" —
און גיסט אַריין דעם סם אין מאָצאַרט'ס גלאָז מיט וויין.

דער אָוונט לאַנגזאַם שטאַרבט. אויף שויבן פליגן זשומען.
טרינקט מאָצאַרט אויס פון גלאָז און הויבט זיך אויף פון אָרט:
— „פאַראַן אַזויפיל פאַרב אין וועלקנדיקע בלומען,
פאַראַן אַזויפיל קלאַנג אין גוסס'ן אַקאָרד..." —

ער פאַלט צו'ר פּיאַנאָ צו. סאַליערי זיצט אַ שטומער:
— „אָ, ניין! עס פאָרט זיך נישט: אַ גאָון מיט אַ מאָרד!" —

## קאנט (1724—1804)

פאַרנאַכט. עס קריכן פויל די בלויע אָוונט-שעה'ן.
אין נעפּל'ס שלייערן רוט גרויער קעניגסבערג.
אויף אומעטיקער באַנק אין אָוונטיקן סקווער,
געהילט אין ברוינעם שאַל, זיצט  ק אַ נ ט — דער אַלטער גאון.

ער רעדט צו זיך אַליין: — „דאַנטאָן און ראָבעספּיער...
דער הערשער פון דער וועלט נאַפּאָלעאָן — —דער קלאָון...
מען האָט זיי איינגערעדט... ווי וואָר איך לעב — שגעון !...
נישט זיי, נישט זייער גייסט וועט ירשנ'ען די ערד...

— „עס ווייסט נישט דער המון: פאַראַן איז בלויז איין כוח,
וואָס רודערט מיט דער וועלט — דער דענקענדיקער מוח —
און אַלץ אַרום איז  נ ו ל ...  ער איינער בלויז איז  אַ ל.

— „ווען פון די קאַרליקעס נישט בלייבן וועט שוין קיינער,
וועט הערשן נאָך „קריטיק פון דער פאַרנונפט דער ריינער..."—
ער הויבט זיך אויף פון באַנק און הילט זיך איין אין שאַל.

---

## געטע (1749—1832)

אין טעג אין פינצטערע, ווען ס'ווערט צו-שווער דער ווי מיר,
ווען ס'הענגט דאָס האַרץ פון וועלט אויף שפּיז פון באַיאָנעט,
דערמאָן איך זיך אָן אים, דעם דענקער און פּאָעט,
דער שטאָלץ פון דייטשנטום, דעם וויזן גרייז פון
ו ו י י מ אַ ר.

ס'האָט קיינער נישט, ווי ער, געוואוסט די מאַכט פון חטא,
די שליטה איבער גייסט פון מאַנענדיקן חומר.
ער האָט פון יוגנט-אָן — אין מענטש — דער חיה-צוימער, —
געצוימט אין  פ אַ ו ס ט ' ן —אין זיך אַליין — דעם  שד.

מיט ליכט מיט גייסטיקן פון מענטשלעכקייט די שפּורן
געזוכט אין פינצטערניש פון דייטשער יונקער-זעל,
נאָר ס'האָט אַרויסגעשטאַרצט פון אונטער די „קולטורן"
דער זעלנער און באַרבאַר, וואָס גרייט איז צום באַפעל.

און איצט ערשט קלאָרער ווערט, אין טעג אין גרוילינק-וויסטע:
אין קאַמף מיט  פ אַ ו ס ט ' ן  געזיגט האָט זיין
מ ע פ י ס ט אָ.

## מאַראַט

(1793—1744)

ס'האָט פרי פאַרלאָקט די „געניאַלע זונה"[1]
אין נעץ אין בלוטיקער זיין שוואַרצן קאָפּ.
ר'האָט קריג דערקלערט דעם קעניג און דעם פּאָפּ
און אַלע טראָן-לעקער און אַלע קרוינען.

מיט לייבן-שטים דעם שפּל'ן כאַלאָפּ
האָט ער אין קאַמף גערופן קעגן שונא
און אויפגעבראַזט די מעכטיקע המונים
זיך טיילן מיט די גבירים'ס האָב און גאָב.

ס'האָט אים המון אויף זיינע הענט געטראָגן,
אים — האַר און העלד פון סקווערן און פון ראָגן,
אים — ניט געקרוינטן קיניג פון קאַפּע.

נאָר וואו ז'געווען דאָס פאָלק אין שעה פון וואַנען,
ווען ס'האָט זיין האַרץ צעלעכערט אין דער וואַנע
מיט צאַרטער האַנט שאַרלאָטע דע קאָרדע?

---

## דאַנטאָן

(1794—1759)

ווען ס'רעדט דאַנטאָן — פאַרציטערט בלייבט המון
און לייגט זיך צו די פיס ביי אים, ווי רינדער.
עס האָרכט קאָנווענט די רייד פון הערצער-צינדער,
און ס'האָרכט פּאַריז אין שטומען גאַף-און-שטוין.

עס צישן פיינט אין אייפערזוכט אין בלינדער:
— „דער מאַן וועט זיך דעררייזן צו דער קרוין!
מען דאַרף אים אומברענגען, אָט-דעם פאַרשוין —
ער איז געפאַר צו אונזער פרוי און קינדער!" —

און ווען ער שטייט אין קייטן אויפן סקווער,
הילכט-אָפּ זיין שטים, פול אָנגעזאַפּט מיט שנאה:
— „דו קומסט נאָך מיר, רוצח-ראָבעספּיער,
מיט מערדער-נעסט, מיט קלוב פון יאַקאָבינער!" —

און ס'פאַלט זיין קאָפּ אַ שטאָלצער צו דער ערד,
פאַרשניטן פון דער שאַרף פון גיליאָטינע.

---

1) „געניאַלע זונה" — דער נאָמען, מיט וועלכן דאַנטאָן האָט אָנגערופן די פראַנצויזישע רעוואָלוציע.

## ראָבעספּיער

(1794—1758)

ביי מאַטן ליכט זיצט פרומער ראָבעספּיער
און ס׳נאָגט זיין האַרץ די בייזע שלאַנג — די קנאה:
געפאַלן איז דאַנטאָן אויף גיליאָטינע,
נאָר ס׳הילכט נאָך אַלץ זיין לייבן-שטים אויף דר׳ערד.

ער הויבט זיך אויף מיט וויטיקדיקער מינע.
אין אויגן שרעק... ער ביילט די פויסט און שווערד:
— „איך וועל פאַרניכטן בלוטיקן פאַרשווער
פון טויטן פיינט מיט טרויער און מיט שנאה!" —

ער פאַלט צוריק אויף אויסגעבעטן שטול.
זיין מאַרך איז לער, זיין האַרץ איז איבערפול
מיט פאַרגעפיל פון ניט-געאָנטע פּלאָגן.

ער דרימלט איין... און פּלוצים — טריט אין הויף,
און שטימען הילכן: — „ראָבעספּיער, שטיי אויף,
זיי גרייט: עס האָט דיין שטונדע שוין געשלאָגן!" —

---

## נאַפּאָלעאָן

(1821—1769)

פון הייסער קאָרסיקע ביז מאָסקווער שניי און קעלט —
אַ לאַנגער לאַבירינט פון גלאָריע און שנאה.
ר׳האָט אויסגעמיטן יונג די שאַרף פון גילאָטינע,
אַז ס׳זאָל זיין בלאַנקער שווערד הערשבערן אַ וועלט.

געשטאַנען איז פאַר אים די מענטשהייט גרייט צו דינען,
און שררות מעכטיקע — צום מינדעסטן באַפעל —
און ער — נאַפּאָלעאָן, מיט רום געקרוינטער העלד,
געבעטלט ליבע האָט ביי שוואַרצער זשאָזעפינע׳ן.

ווען אָפּגערווישט האָט רום פון זיגן און מפּלות,
וואָס האָט ער דאָרט געטראַכט אין סיינט-העלענער גלות,
וואו ס׳האָט דער גורל אים צעטראָטן מיט זיין טלאָ?

דורך דורות זע איך אים ביים ים אויף זאַמדן קריצן:
— „דער העלד, וואָס האָט אַמאָל געזיגט ביי אוסטערליצע,
די לעצטע שלאַכט פאַרלירן מוז ביי ו ו א ט ע ר ל אָ." —

# העגעל

(1831—1770)

ער האָט געלערנט אונז: די ליבע, ווי דער האַס
פון זעלבן אָנהויב שטאַמט — דער געניאַלער העגעל.
די וועלט באַהערשט אַ פעסטגעשטעלטער רעגל
און ס'גלייכט זיך אויס די סיבה מיט קאָנטראַסט.

ס'האָט אין זיין ווינט דער גאון מאַרקס געזעגלט,
אַנטדעקט די שטרייטן צווישן קלאַס און קלאַס,
און שפּעטער לענין האָט געצאָלט אים מס —
און איצט אַ גאַנצער דור צו אים איז עולה־רגל.

טיטאַן פון גייסט און פון געדאַנק דער קרעזוס,
האָט ער דערהויבן זיך אויף ליכטיקער טראַפּעז
מיט פליגלען אָדלערשע פון טעזיס־אַנטיטעזיס
און אָנגערירט דעם שפּיץ פון געטלעכן סינטעז.

נאָר ס'האָט דער וואָלף פון האַס פאַרצוקט די לאַם פון ליבע —
און ס'וואַקלט זיך זיין טורעם, ווי אַ קאָרטן־שטיבל.

---

# בעטהאָווען

(1827—1770)

אין הייסער גסיסה שטאַרבט דער ווינער טאָג
אין קילן שוים פון זומערדיקן אָוונט.
אויף טויטן־בעט דער טויבער ליגט בעטהאָווען
און הערט זיך איין... און יעדער שאָרך אים פּלאָגט.

און ס'דוכט זיך אים: ער הערט דורך וויטן עבר
אויף באָנער[1]) טראַקט אַ פלינקן פערד־געצאָק,
אין נאָנטער קירך צעקלינגלט זיך אַ גלאָק,
אין וויטן דאָרף פאַרבענקטע בילן כלבים...

ער ליגט און שטוינט... און ס'איז אַזוי משונה:
שוין דרייסיק יאָר, ווי טויט איז זיין געהער...
און פּלוצים — האָרך! אין הימל קנאַלט אַ דונער...

ערביילט זיין פויסט: — „איך הער דיך, גאָט, איך הער!"
בעטהאָווען פאַלט אַ טויטער אויף דער ערד.
עס פּלאַצט אין פאַרטעפּיאַן די לעצטע סטרונע.

---

1) באָן — בעטהאָווענ'ס געבורט־שטאָט.

## באָליוואַר

(1830—1783)

סאַן-פּעדראָ שלאָפט צופוסנס פון אַ באַרג.
די שטילקייט קלינגט אויף סאַמעטיקע טאָלן.
נאָר אומרו הענגט אויף הוידנדיקע שאָלן
אַריבער באַרג׳ס צעפּאַלדעוועטן קאַרק.

ס׳איז מיד פון קריג און מידער פון ממשלה
דער בראַווער העלד, באַפרייער באָליוואַר.
פּערו איז פריי, קאָלאָמביא איז שטאַרק —
איצט זוכט זיין האַרץ דעם לאַנג-געגאַרטן שלום.

סאַן-פּעדראָ שלאָפט. עס קלינגלט אָוונט-גלאָק.
נאָר ס׳פּיקט אין מאַרך אַ בייזער מוק און מאַטערט
און שטומע פּיין ס׳געווויסן נאָגט און פּלאָגט:

— „זאָל זיין, ס׳איז פריי די ערד אַרום עקוואַטאָר,
נאָר ס׳טאָר דער מענטש אפילו אויף אַ טאָג,
אפילו אויף איין שעה נישט זיין דיקטאַטאָר!" —

---

## כואַרעז

(1872—1806)

ס׳איז נישט קיין היציקער רויט-גריוויקער טאַבון,
וואָס יאָגט זיך אין גאַלאָפּ מיט טראַמפּלטראָט געאיבטן, —
דאָס איילט אויף ראַנדעוואו צום נאַכטיקן געליבטן
דורך וואָלקנס קופּערנע די בענקנדיקע זון.

מיט אויפגעיערטער פרייד אויף פנים אויף באַטריבטן,
(אַזוי געשטאַנען איז פאַר גבעון-הויך בן-נון!)
שטייט פּאַבלאָ כואַרעז, דער פייערישער זון,
און זעט זיין אָרעם לאַנד אין ראַם פון עווקאַליפּטן:

— „אָ, לאַנד מיינס, מעקסיקאָ, מיט קויל-פאַרגעלטע פעניעס,
מיט מדבר׳ס פאַרביקע, מיט דוכענדיקע קעניאָנס,
מיט שטיבלעך בראָנזיקע פון זוניק-געלער ליים, —

— „איך שווער ביים טויט-געשריי פון לעצטע מאָהיקאַנער,
איך וועל פון מעקסיקאָ פאַרטרייבן די טיראַנען
און אויפבוי׳ן פאַר מיין פאָלק אַ פריי-באַשיצטע היים!" —

## ב י י ר אָ ן

(1824—1788)

אַלכעמיקער פון וואָרט, בעל־חלום און בונטאַר,
ס'האָט קיינער נישט געהאַסט, אַזוי ווי ער, די חניפה.
פאַר'כישוף'ט האָט זיין האַרץ די אומרו פון לוציפער,
איז ער אַרוים, ווי ק י ן, קעגן גאָט — דעם האַר.

און וואו ס'האָט נאָר אַ האַרץ אין פיין און בלוט געטריפלט
און וואו ס'האָט נאָר אַ פאָלק אין פענט פון יאָך געקוואַרט, —
האָט ער זיין יונג־לעבן אויף ליכטיקן אַלטאַר
געטראָגן צו זיין ברעג — דער טרוימערישער שיפער.

און ליב איז אים געווען אויף זעגלען פון זיין ליד
זיך לאָזן אין דער וועלט פון ווייסטע נע־ונד'ן.
פילאָסאָף און רעבעל, פאַרצווייפלער־סיבאַריט,
האָט ער אַוועקגעלייגט זיין לעבן פאַר ע ל אַ ד ע.[1])

און וואָלט ער היינט געלעבט, אָ, וואונדערלעכער קרבן!
פאַר פרייער גריכנלאַנד וואָלט ער באַניים געשטאָרבן.

---

## ה י י נ ע

(1856—1797)

פאָעט און קעמפער, שטורעמער און טרוימער,
געציטערט האָט אייראָפּע פאַר זיין ליד.
אויף ראַנד פון וועלטן צוויי האָט אים, דעם נעאָפיט,
אַוועקגעשטעלט דער גורל פאַר אַ שומר.

אין קונסט — אַ גריך, אין גייסטיקייט — אַ איד,
אין וועלט־באַנעם — אַ סטאָאיקער, אַ רוימער,
האָט זיין סאַרדאָניש ליד פון רב און כומר
אין האַרצן נישט פאַרהיילט דעם פאַלשן שרים.

איך זע פאַר ווענוס קניען אים אין לואווער,
אַ קאַליקע מיט אויסגעקרימטע פיס:
— „איך קלאָג זיך נישט, איך טו דאָ נישט קיין תשובה,
מיין שווערער קרבן, געטין, איז מיר זיס!" —

און ס'ציט זיך אוים דאָס אויסגעצערטע גופ'ל
צום לעצטן מאָל אַ גלעט־טאָן אירע בריסט.

---

1) עלאַדע — גריכנלאַנד.

## פ ו ש ק י ן

(1837—1799)

האָסט מוטיק איינגעשפּאַנט דיין זינגעוודיקע לירע
אין פלאַמעדיקן שטרייט אַנטקעגן טראָן און קרוין —
און ס'האָט סאַהאַראַ-ווינט באַרירט פאַרשנייטן פלוין
און אַפריקאַניש בלוט — צעשמאָלצן צפון-קרירה.

האָסט פיינט געהאַט די לויב און טאַדל פון המון
און אָפּגעגעבן אים דעם כוח פון דיין שירה —
און פון דעם רייכסטן שלאָס ביז ווייטסטן דאָרף סיבירער
האָט דיין פאַר'יתום'ט פאָלק זיין טרייען זון באַוויינט.

און לאַנג וועסטו דערמיט דיין פאָלק זיין ליב און טייער,
וואָס אויפוועקן אין אים האָסט ס'איידעלע געקאָנט,
וואָס האָסט אין שווידער-צייט געזונגען וועגן פרייהייט
און גנאָד און מיטלייד צו געפאַלענע געמאָנט.

זאָל הערשן איבער אים אַ נייער נ י ק אָ ל אַ י, —
ווי דו, פּאָעט, איך גלויב: דיין פאָלק וועט ווערן פריי!

---

## ל ע ר מ אָ נ ט אָ ו

(1842—1814)

אַ ווייסער פאַרוס הוידעט זיך אָן סוף
אויף בלויען ים — אויף רוקן פון אַ קעמל —
צי זוכט ער גליק, צי יאָגט ער זיך נאָך וועמען,
צי לויפט ער גאָר פון אומגליק און פון שטראָף?

ביים ברעג פון ים, אין דרימלדיקן דעמער
די כוואַליעס רוען, מידע, ווי די שאָף.
אויף הויכן פעלז שטייט יונגער ל ע ר מ אָ נ ט אָ ו.
מען זאָגט: זיין האַרץ פאַר'כישופ'ט האָט אַ דעמאָן.

די אויגן רויט, דאָס פּנים — ווי אַ כמאַרע:
נאָך היינט וועט טרעפן אים מאַרטינאָוו'ס קויל,
נאָר דאָרט אין הימל וואַרט אויף אים ט אַ מ אַ ר ע —
און פריי איז האַרץ פון פּחד און פון גרויל.

אין שוים פון ים אַ טאָג איז אויפגעוואַכט —
ער שפּאַנט מיט פרייד אַנטקעגן רוף פון גורל.

# ד אַ ר ו ו י ן

(1882—1809)

עס דרימלט שטעטל דאַון[1]) אין ראָם פון גערטנער קילע.
דער אַלטער ד אַ ר ו ו י ן זיצט אין גאָרטן פון זיין הויז
און הערט זיך צו ווי ס'וואַקסט דער נוסבוים און די רויז.
און פּלוצים — איבער אים אַ ריזיקע ג אָ ר י ל ע.

— „האָסט יעטווידן בעל־חי — פון העלפאַנט ביז דער לויז —
מיט ליבשאַפט אויסגעפאָרשט — און ס'איז געווען דיין ווילן
פאַרבינדן בלויז דעם מענטש מיט אונזער שטאָם, דעם שטילן—
און ס'שטייט אים נאָך נישט אָן דער יחוס, ווי דו ווייסט!" —

און דאַרווין ענטפערט איר: — „אין סודות פון יצירה.
האָב איך אַריינגעקוקט און דאָרט געזוכט דעם סוד:
פונוואַנען שטאַמט דער מענטש? וואו ליגט די גרויסע סתירה?
און כ'האָב דערזען אין אַף זיין אָנהויב און יסוד.

נאָר ס'האָט זיך מענטש באַפרייט פון מאַלפּע — זיין געבירער
און זוכט ס'פאַרהוילטע פנים פון זיין אור־בילד — גאָט." —

---

# ל י נ ק אָ ל ן

(1865—1809)

די שפּילט גייט־אָן... פאַרטראַכט זיצט „האָנעסט אייב":
זיין האַרץ איז מיד, זיין פנים אויסגעמאַטערט.
ער זעט, ווי ס'גאַפט פאַרטאַיעט דאָס טעאַטער,
נאָר ס'איז צום שפּיל זיין וואַכער אויער טויב.

אין אויער הילכט נאָך ס'קנאַלען פון האַרמאַטן...
ער זעט פאַר זיך אַזויפיל בלוט און שטויב...
און פּלוצים — קנאַל... עס גיט זיך א י י ב אַ הויב
און פאַלט אויף הענט געכאַליעטע און גלאַטע.

זיין טריבער בליק ווערט אָנגעפילט מיט בליי.
אויף פנים שפּרייט זיך טויט'ס געהיימער שאָטן:
— „איך האָב די קנעכט באַפרייט פון שקלאַפעריי —
איך שווער ביי גאָט — איך האָב נישט קיין חרטה!

— „און מיך האָט היינט דער מערדער דאָ באַפרייט
פון שווערן קרייץ פון טעגלעכער גאָלגאָטע..." —

---

1) דאַון — דאָס שטעטעלע אין ענגלאַנד, וואו דאַרווין האָט אָפּגעלעבט אַלע זיינע יאָרן.

## עדגאַר עלען פּאָו

(1849—1811)

ס'איז האַלבע נאַכט. דער מולד שיינט ווי עמבער.
מען קלאַפּט אָן טיר: — „איז קיינער דאָ נישטאָ?" —
ווער קלאַפּן קאָן אַזוי אין שפּעטער שעה
פון האַלבער נאַכט אין פראַסטיקן דעצעמבער?

איך עפן-אויף: פאַר מיר שטייט ע ל ע ן פּ אָ ו:
— „גוטנאַוונט, שכן, — קלינגט זיין ווייכער טעמבער.
עס שטרעקט זיין האַנט צום איינגעדאַרטן דעמב ער:
— „איך וואוין דאָ נעבן מיט מיין שוואַרצער קראָ.

— „דו זעסט דאָס שטיבל — אַלט און אָפּגעקראָכן —
ס'איז טייערער פון קורח'ס האָב און גאָב —
דאָרט וואוינט פרינצעסין ר ו, מיין ליבער שכן,
קום רו דאָרט אוים דיין קראַנקן, מידן קאָפּ!" —

איך כאַפּ זיך אויף — אין צימער פליגל פאָכן.
אויף פענצטער שטייט אַ גרויסער שוואַרצער ראָב.

## וואָלט וויטמאַן

(1893—1819)

ס'איז שטיל אין מיקל-סטריט.[1] שוין ניינצן יאָר זיצט
ו ו י ט מ א ן
אין פאָטער-שטול געלעמט — אַ שטומער אינוואַליד.
ס'איז לאַנג נאָך בירגער-קריג — דער האַנדל רוישט און בליט:
דאָס לאַנד אַ יאַג-געטאָן האָט עדיסאָן און פיטמאַן.[2]

אין שלאַבעריקן מאַרך דעם „קעפּטענ'ס"[3] וואָרט נאָך גליט:
— „ס'שפּאַנט יונג-אַמעריקע מיט גבורה-דיקע ריטמען —
דער גייסט פון יונגן פאָלק ווי היט מען איין, ווי היט מען
דעם שפּאַן גיגאַנטישן פון זיינע ריזן-טריט?" —

און פּלוצים זעט דער גרייז: פון חושכ'דיקן ווינקל
ס'געשטאַלט פון „האָנעסט אייב"[4] צו אים פאַמעלעך שפּאַנט.
ער וויל זיך אויפהויבן. די אויגן פינקלען, פינקלען.
ער ציטערט-אויף: „אָ, קאַפּיטאַן, מיין קאַפּיטאַן!" —

עס בויגט זיך איבער אים און פליסטערט עפּעס לינקאָלן —
און ס'פאַלט פון פאָטער-שטול זיין זינקנדיקע האַנט.

1) מיקל-סטריט — אין קעמדען, נ. דזש., וואו וויטמאַן האָט אָפּ-געלעבט זיינע לעצטע יאָרן.

2) פיטמאַן — באַרימטער דערפינדער פון פאָנאָגראַפיע און סטע-נאָגראַפיע.

3) „קעפּטען" — נאָכן טויט פון לינקאָלן, וועלכער איז געווען דעם דיכטער'ס אַ נאָענטער פריינט, האָט וויטמאַן אָנגעשריבן זיין באַרימט ליד „קעפּטען, אָ, קעפּטען!" —

4) „האָנעסט אייב" — דער צונאָמען פון איבערעהם לינקאָלן

## באַקונין

(1876—1815)

אין צעל אין איינזאַמער, פאַרצווייפלט און פאַרטאַיעט,
די שרעק פון צאַרנטום, בונטאַר און פאַנטאַזיאָר,
באַקונין זיצט, אין קייט געשמידט דאָס אַכטע יאָר,
און וואַרט אויף צאַר׳ס באַשלוס: די תליה, אָדער פרייהייט?

די שטילקייט פייניקט אים — דער שטרענגסטער פּראָקוראָר.
און פלוצים העלט אין מאָרך אַ וואַנזיניקער רעיון:
— ווי לאַנג וועט ער נאָך דאָ, אין בלינדער תפיסה האַיען?
אין דרויסן וואַרט אויף אים אַ שטורעמדיקער דור. —

— זאָל טריאומפירן בייז דער צאַרישער פעלדפעבל
מיט שמייכל גיפטיקן, מיט אויגן — פליסיק בליי,
נאָך היינט וועט ער צו אים זיך ווענדן נאָך פאַרגעבונג:
— „פאַרציי מיר, פאָטערל, פאַר אַלע זינד פאַרציי!" —

— אויב ס׳איז אים נישט באַשערט אויף פרייער ערד צו לעבן,
זאָל אים כאָטש זיין באַשערט צו שטאַרבן אויף דער פריי. —

---

## מאַרקס

(1883—1818)

עס שווייגט די נאַכט מיט טויזנט שטומע קולות.
ער זיצט ביים טיש. אין אויגן פלעמלט האַס:
ווער וועט זי אויסהיילן פון איר חולאַת,
די רויב- און הערשער-וועלט, וואָס קראַנק און פויל איז?

עס דריקן ספיקות, ווי אַ שווערע לאַסט,
און ס׳וויגט זיך זיין געדאַנק, ווי אויף משקולת.
נאָר פלוצים ווערט אים קלאָר אַזוי און בולט:
— די נ י י ע וועלט וועט בויען נ י י ע ר ק ל א ס!—

ער הויבט זיך אויף און רייבט דעם הויכן שטערן.
און ס׳בליצט אין מאָרך: — „וועט זיין דער שטרייט כדאי?
און וואָס וועט זיין, אויב נ י י ע ו ו ע ל ט וועט ווערן
אַ נעסט פון האַס און רויב און שקלאַפעריי?" —

ער וואַרפט פון זיך דעם רעיון, ווי אַ שטיין:
— די אַ ל ט ע ו ו ע ל ט מוז סיי-ווי אונטערגיין! —

# ע נ ג ע ל ס

(1895—1820)

דו האָסט דעם קולט פון חבר׳שאַפט און ליבע
דערהויבן און געשטעלט אויף העכסטן פּעדעסטאַל.
אָן דיר און אָן דיין הילף וואָלט גרויזאַמער שיקזאַל
אויף זיינע מילשטיינער דעם גאון מ אַ ר ק ס צעריבן.

אזוי פאַרנייגען זיך פאַר יחיד און פאַר כלל
האָט קיינער נישט געקענט אָן טענות און פּאַראיבל.
האָסט וויליק זיך געשטעלט אין שאָטן פון אַ גיבור,
אליין אַ הערקולעס פון גייסט און אידעאַל.

האָט דיר גע׳חלומ׳ט זיך: מיט יאָרן, יאָרן שפּעטער
וועט אויפשטיין אין אַ לאַנד אַ קאַט און אַ פאַררעטער
און אויפשטייגן אין בלוט אויף ג ר אַ ז נ י ׳ס
שווארצן טראָן.

און הילן וועט ער האַס און אויסראָטונג און חרם
און קעפּ צעשאַסענע פון אייגענעם חברים
אין טרוים געהייליקטן פון דיין און ק אַ ר ל ׳ ס פאָן?

---

# ל אַ ס אַ ל

(1864—1825)

רעבעל און דאָן-זשואַן, צעווישן צוויי עקסטרעמען
געהאָנגען איז דיין הארץ, וואולקאַנישער ל אַ ס אַ ל.
צו פערציק יאָר געטרונקען לעצטן קוואַל,
ווי קען מען צוימען אַ וואולקאַן, ווי קען מען?

האָסט יאָרנלאַנג געפאָכטן קעגן קאַפּיטאַל
און קעגן הערשער-קלאַס און בלוטיקע סיסטעמען —
און פאַר אַ פרויען-קאָפּ אין רויטער דיאַדעמע
האָסטו דיין יונג-לעבן פאַרשפּילט אין קאַפּהאַקאַל.

עס האָבן פריינט און פיינט אין וויינענדיקן כאָר
באַקלאָגט דיין פריען טויט, דיין יונג אומזיניק לעבן,
כאָטש קיינער האָט פון זיי דאָס פלאַמעדיקע וואָרט
פון דיין געפּיקטער צונג דיר קיינמאָל נישט פאַרגעבן.

ביזט קיינמאָל נישט געווען מיין וועגווייזער און גיד,
נאָר ס׳רירט דיין גורל מיך פון קעמפער און פון איד.

# באַדלער

(1867—1821)

פּאַריז. פּעוורעלער אויפשטאַנד. אַכצן ניין און פערציק.
עס יובלט דער המון אין פרייהייט-קאַרניוואַל.
עס האָט דער הייסער פלייץ פון צאָרנדיקן שקוואַל
אַראָפּגעשווינקט די מאַכט פון קיניג און פון הערצאָג.

אויף אָרעמער מאַנסאַרד, פאַרוויקלט אין אַ שאַל,
מיט זעל און אויער טויב צו פלאַטערדיקע הערצער,
אַ קראַנקער זיצט ב אָ ד ל ע ר אין אַנגסטן און אין שמערצן
און שרייבט דאָס לעצטע ליד פון סומנע „פ ל ע ר ד ע
מ אַ ל."[1]

עס שטאַרבט דער ווינטער-טאָג אין אומעטיקן גאָלד
אויף אָפּגעשיילטע ווענט, אויף קויטיקע און הוילע.
ער גייט צום פענצטער צו און קוקט אַראָפּ אין טאָל:

העט אונטן רוישט די שטאָט אין פריידן און אין גרוילן.
און ס'מורמלט שטיל באָדלער: — „די וועלט איז אַ שפּיטאָל,
וואו בייטן וויל זיין בעט איעדן טאָג דער חולה." —

---

# פּאַסטער

(1895—1822)

פּאַריזער אָוונט שטאַרבט אויף רעגנדיקן סקווער.
עס הערט זיך קוים אַ שאָרך פון טריט פּאַמעלעך-שטילע.
די שטאָט פאַרטאַיעט וואַרט: אין אומעטיקער ווילא
דעם דריטן טאָג שוין גוסס'ט כעמיקער פּ אַ ס ט ע ר.

די אויגן צוגעמאַכט, אויף באַקן — פלעקן לילע,
דאָס פּנים פּיבעריש און בלייך און אויסגעצערט.
צוקאָפּנס פון זיין בעט, מיט וויעס היים-פאַרטרערט,
זיין הויכן שטערן גלעט דאָס ווייב מיט הענט מיט קילע.

און פּלוצים עפנט ער די אויגן גרויס און ברייט:
— „איך האָב געזוכט דעם סוד פון לעבן און פון טויט,
נאָר שווער איז מיר געווען דעם פּראָסטן אמת איינזען:

— „איך האָב אינאָקולירט די מענטשהייט פון חולאת,
געראַטעוועט די וועלט פון חיה-משוגעת —
און נישט געקאָנט זי ראַטעווען פון מענטשן-וואַנזין." —

---

1) „פלער דע מאַל" — „די בלומען פון שלעכטס", דער נאָמען פון באָדלער'ס בוך לידער.

## דאָסטאָיעווסקי

(1881—1822)

געחלומ'ט האָט ער לאַנג אין זומפּ פון „טויטן הויז"
אַ טרוים אַ פינצטערן פון „גרויסן אינקוויזיטאָר",
וואָס לויערט איבער וועלט — אַ שטראָפנדיקער ריטער
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט — און צאָלט פאַר גוטס
מיט בייז.

עס האָבן איבער אים געהאַט די „שדים" שליטה,
וואָס האָבן וועלט געדראָט מיט פינצטערן דערלייז.
און ער — דער פירשט פון ליידן —האָט געזוכט אַ טרייסט
אין אַלץ, וואָס האָט געקרענקט, געבלוטיקט און געליטן.

דורך ל י ז ע 'ס מאַרטער־וועג פאַרהייליקט האָט
ער זונות,
און דורך ז אָ ס י מ אַ 'ס טויט — פאַרהורט די הייליקייט.
און ס'האָבן נישט געקאָנט אים פאַר דער פיין באַלוינען:
ניט חסדים פונם צאַר, ניט בלענד פון אייביקייט.

נאָר איצט איז ער באַלוינט פאַר אַלע זיינע ליידן:
עס הערשן איבער וועלט צעיושעטע זיינע „ש ד י ם".

---

## ט אָ ל ס ט אָ י

(1910—1828)

אין טעג פון פיין און גרויל, ווען ס'האָט דער צאַר און רויבער
געקאָטעוועט דיין פאָלק דורך בלוטיקן קאַסטראַי,
געציטערט האָט דער קאַט פאַר נאָמען ל ע ו ט אָ ל ס ט אָ י
אין לאַנגן פויער־העמד, מיט באָרד — ווי זילבער־זויבער.

דורך צייַן פאַרשטשעמעטע אין וועלפישן געוואַי
ס'געווויסן פון דיין לאַנד האָסטו געוועקט דאָס טויבע,
ווען ס'האָט געשטרייט אין דיר, הערעטיקער — מיט גלויבער,
דער שוואַכער מענטש — מיט גאָט, דער הייליקער —
מיט פרוי.

און איצט, ווען ס'ווייקט דיין לאַנד אין בלוטיקע טומאַנען
און ס'טרינקט זיך בלינד דיין פאָלק אין שקר און טאַבו,
וואו איז דער מאַן פון וואָרט, וואָס זאָל אַריבער וואַנען:
„איך קאָן נישט שווייגן מער!" — אַרויסשרייען, ווי דו?

נישט פרעג, נישט פרעג, אַ גרייז פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ:
עס וואָלט זיין צונג פאַרשטומט אַ קויל פון ג ע ־ פּ ע ־ א ו.

## זאָלאַ

(1902—1840)

עס שטומט דער ריכטער־זאַל אין שטיקעניש געדיכטער.
דער עולם זיצט פאַרגאַפט אין פיבערדיקן בראַנד.
מיט באָרד צעשויבערטער, מיט אויסגעשטרעקטער האַנט
צו פראַנקרייך רעדט ז אָ ל אַ איבער קעפ פון ריכטער:

— „נישט ד ר י י פ ו ס שטייט אין קאָן — דער איד
און קאַפּיטאַן —
און נישט זיין לעבן בלויז דאָ זוכן די פאַרניכטער, —
עס שטייט אַ נאַקעטס דאָ פאַר משפט פון געשיכטע
ס׳געוויסן פון מיין דור, דער כבוד פון מיין לאַנד!״ —

איצט פוילן ד ר י י פ ו ס ע ס מיליאָנענווייז אין תפיסות,
און ס׳קאַרטשען פעלקער זיך אין פיין פון ארבע מיתות,
און ס׳יושעט סוואַסטיקאַ פון װ אַ ר ש ע ביז פ אַ ר י ז.

און ס׳בלוטיקן צום טויט דער יושר און די פרייהייט,
צעטראָטן אונטער טלאָ פון יושנדיקער ח י ה, —
ווער וועט אַ דונער־טאָן אַ מעכטיקן „ז ש ׳ אַ ק י ז! ?״[1])

## ניצשע

(1900—1844)

זיין גייסט פון יונקערטום, זיין אָפּשטאַם — פון
דער שליאַכטע,
האָט ער אומזיסט געזוכט פאַרלאָזן דעם קאָנטראַסט.
ר׳האָט קיינעם נישט געליבט און ביידן זיי געהאַסט —
און ס׳האָט זיין סביבה אים געענטפערט מיט פאַראַכטונג.

געטרוימט: דער א ו י ב ע ר מ ע נ ט ש מיט
שטאָלענעם אָפּצאַם
צעטרעטן וועט אין שטויב די קראַנקע, אָפּגעשוואַכטע —
ביז איינגעהילט זיין מאַרך האָט וואַנזיניקע פלאַכטע,
און ס׳האָט אים בלינדער האַס דערפירט צו משוגעת.

אויף ווילדגראָז פון זיין וואָרט איז שפּעטער אויפגעשטאַנען
אין לאַנד פון יונקערטום אַ בלוטיקער מאַניאַק,
זיך גרויזאַם איינגעהילט אין זיינע ווילדע וואַנען
און קעגן גאָר דער וועלט געהויבן האָט זיין האַק.

זיין טרוים פון א ו י ב ע ר מ ע נ ט ש — ווי פינצטער
איז זיין גורל! —
ער האָט דעם ב ר ו י נ ע ם ק אַ ט — דעם
א ו נ ט ע ר מ ע נ ט ש געבוירן.

1) זש׳אַקיז — איך באַשולדיק!

# עדיסאָן

(1931—1847)

ס'איז נאַכט אין מענלאָ-פּאַרק.[1]) די שלאַנג פון שעה'ן קריכט.
עס ווײנט דער שפּעטער האַרבסט און קלאַפּט אין
פענצטער-ראַמען.
מיט רײַפע יאָרן זאַט, אין צימער ליכטיק-גראַמען
ליגט טאַמאַס עדיסאָן — דער מאַגיקער פון ליכט.

אין לעצטן גסיסה-ווײ צעקרימט איז זײַן געזיכט
און מיניעט זיך אין שײַן פון פלײצנדיקע פלאַמען:
— „איך האָב געבראַכט דער וועלט אַ נײעם גאָט —
דינאַמאָ,
וויל מענטש אים אויסנוצן אויף אײגענעם פאַרניכט.

— „האָב איך דעם „יאַי-אור" אַרויסגענאַרט בײַ גאָט
דורך שווערע יאָרן מי, קרבנות און אַנטווישונג,
צו שאַפן פאַרן מענטש אַ נײעם עשאַפאָט?...
פאַרלעשט, פאַרלעשט דאָס ליכט — זאָל ווידער הערשן
חושך!" —

ער שטרעקט די דאַרע האַנט — און לעשט דאָס לעצטע לעמפּל.
און ס'גליוועט כּוהנ'ס גוף אין חושכ'דיקן טעמפּל...

---

# ווײַלד

(1900—1856)

עסטעט און סקעפּטיקער, אויף חורבות פון אַ דור
האָט ער אַוועקגעשטעלט זײַן וואונדערלעכן חותם
און שיכּור אויסגעזופּט דעם לעבנ'ס פולע כּוסה,
אַ גרײַז אין וויגעלע, אַ קינד — צו פערציק יאָר.

עס האָט די אויבערוועלט געקרוינט אים און פאַרשטויסן
און אָפּגעגעבן אים אין הענט פון פּראָקוראָר.
און ער — אין תּפיסה-ווענט מיט כּישוף פון זײַן וואָרט
האָט הערצער שטײנערנע מיט ווידוי-רײד צעטרײסלט.

ר'האָט ביטער אויסגעלאַכט די לײדן און דעם גלויבן,
אַלײן בין האַלדז פאַרזונקען אין די זינד פון סדום.
בלויז **ד ע ר** האָט זיך געקאָנט אין קונסט אַזוי דערהויבן,
**ד ו ע ר** זינקען האָט געקאָנט אין טיפסטן לעבנ'ס-תּהום.

נאָר פאַר די זינד די האַרבסטע, געניאַלער **ק ו נ ד ס**,
האָט ער געלײַטערט זיך אין פלאַם פון „**ד ע**
**פּ ר אָ פ ו נ ד י ס**."

---

1) מענלאָ-פּאַרק — דאָס שטעטל, וואו עדיסאָן האָט געלעבט און געאַרבעט.

## מענדעלע

(1835—1917)

אַדעס. דעכטיאַרנע גאַס. אין הויף פון אַלטער שולע.
דער אָוונט האַרבסטיקער מיט רויטן אומעט גליט.
אין האַרצן בליט געזאַנג, אויף ליפּן — פּוך פון ליד.
איך גיי מיט ביאַליק׳ן צום חכם פון קאַפּוליע.

אין גרויסן קאַבינעט באַגעגנט אונז אַ איד
מיט אויגן גליאיקע אַהינטער די שפּאַקולן.
און ס׳לויכט אַזאַ מין פרייד אין בליקן צער׳פולע,
אַז ליכטיק־וואַרעם ווערט ביי מיר אין יעדן גליד.

— „כ׳האָב, זיידע, אייך געבראַכט אַ צווייג אַן אָפּגעפרעמדטן
זאָגט ביאַליק שטיפעריש, — „באמת, ס׳איז אַ שאָד:
דער טאַטע איז אַ רב — אַן אייניק פון בעל־שם־טוב —
און ע ר שרייבט לידער וועגן פראַוואָסלאַוונעם גאָט!״

דער זיידע קוקט אויף מיר — זיין בליק אי גלעט, אי בריט:
— „דאָס לשון איז נישט וויכטיק — וויכטיק איז דאָס ליד.״

---

## י. ל. פּרץ

(1852—1915)

מיט יונגן דיכטער־האַרץ — אַ לויכטנדיקער קנויט,
מיט פאַרשנדיקן מאַרך, וואָס האָט געדאַרשט נאָך וויסן,
האָט ער זיך יאַרנלאַנג פון ענגן קלעם געריסן,
געפּענטעט, ווי אַ לייב, „אין פאַליש אויף דער קייט.״

אין „קייט אין גאָלדענער״ מיט ציין זיך איינגעביסן,
אַ שטאַרבנדיקע וועלט אין נייעם לבוש באַקליידט,
מיט חלוש מ ש ה ׳ ל ע ן געפיינקט זיך צום טויט —
און אויפגעבראָכן העל די קראַטעס פון דער תפיסה.

און ס׳האָט אַ בלענד־געטאָן פון אויפגעפראַלטער שטייג:
מיט קדושה פון „צוויי בערג״, מיט טרוים פון „באַנציע־שווייג״,
מיט יום־טוב׳דיקער פרייד פון זיידנ׳ס קידוש־בעכער.

אויף ראַנד פון וועלטן צוויי האָט ער מיט וואָרט דערגרייכט
דאָס פינקלדיקע ליכט פון נ ע מ י ר אָ וו ע ר ׳ ס הייך
אין יענער סליחות־נאַכט אין געסל — א ו י ב נ י ש ט
ה ע כ ע ר.

## שלום עליכם
(1915—1859)

א איד א פשוט'ער, מיט אויגן צאַרטע, ווייכע,
מיט ווייטיקדיקן מויל, צעאַקערטן אין לייד, —
האָט קיינער נישט געקאָנט די טרערן און די נויט
אַזוי, ווי ער, באַהאַלטן אונטער פרייד פון שמייכל.

דורך אים געקוועלט האָט טוביה'ס עמכ'דיקע פרייד,
דעם פאָלק'ס געזונטער, שפּרודלדיקער שכל.
ער האָט קאַסרילעווקע דערהויבן צו א צייכן,
יעהופּעץ אָנגעטאָן אויף אונז — א יחום־קלייד.

אין מאָטל'ס אָרעמקייט, אין נויט פון מנחם־מענדל, —
אין פּיין פון סטעמפּעניו און יאָסל סאָלאָוויי
געוויזן האָט ער אונז: אין בלאָטע שיינט א רענדל,
אין מיסטן שטעטלשע — א ליכטיק גאָלדן איי.

און ווען געפאָרן מיד איז ער שוין פון יאַריד,
האָט ער געשמייכלט ביטער: שווער צו זיין א איד!

---

## הערצל
(1904—1860)

די ווינער נאַכט איז מילד, די ווינער נאַכט איז מאַט.
אין גראַמען קאַבינעט שפּאַנט־אום דער געטאָ־טרוימער.
ס'האָט נישט געהאָלפן רוף: „אַצינדער אָדער קיינמאָל!"
די צוויי־מאָל־צוויי פּאָרמולע פון זיין „אידנשטאַט."

ער איז שוין מיד פון רייד מיט קיניג און מיט כומר,
פון היפּאָקריטן־שפּיל מיט צאַר און דיפּלאָמאַט.
דאָס פאָלק איז צוגעוואוינט צום לאַנגן נע־ונד,
די גבירים — זיי איז גוט ביי דייטשן, ווי ביי רוימער.

ער שטאַרט אין חלל לאַנג מיט אויגן פול אַנטוישונג.
עס פייניקט א געדאַנק — א יאַטערדיקע וואונד:
— „ווי איך, זיין מדבר־דור האָט נישט דערפירט אויך משה,
און ס'האָט יריחו'ס ווענט צעשמעטערט ערשט בן־נון.

— „וועט קומען אויך נאָך מיר מיין תלמיד, מיין יהושע,
וואָס ברענגען וועט מיין פאָלק די ליכטיקע ישועה?" —

## ביאַליק

(1934—1873)

דו האָסט אַ אינגל — מיך אויף דיינע הענט גענומען
און מיך געלערנט ווי צו שטעלן ערשטע טריט.
און זיס איז מיר געוועזן דער העלער סוד פון ליד,
ווי שפּרודלדיקער קוואַל אויף דאַרשטנדיקן גומען.

נאָר שפּעטער, ווען ס'האָט האָס אין האַרץ ביי מיר געבליט,
ווי דערנער שטעכיקע, ווי מדבר'דיקע בלומען,
האָב איך מיט בייזע רייד פאַרשוועכט דיין ריינעם נאָמען,
געבלאַספּעמירט אין דיר דעם דיכטער און דעם איד.

דו האָסט אַזויפיל פרייד און ליבע מיר געגעבן,
דו האָסט צום יום־טוב מיך דערהויבן פון דער וואָך —
און איך, געפּעלשט האָב איך אין דיר, מיין פריינט און רבי,
פאַרגיב מיין שקאָצישן, מיין פרעכן צעפּאַלאָך!

איך קום פון שנאה־לאַנד צוריק צו דיר, פּאָעט:
עס שלאָגט חרטה־פויסט אין האַרצן מיר על־חטא.

---

## לייוויק

(—1889)

איהומען — קאַטאָרגע — סיביר און
איסט־בראָדוויי,
עטאַפּן ליכטיקע פון פייניקונג און שירה.
עס האָט דיין שטורמיש ליד געעפנט בלויז אַ טירל
צו וועלט פאַרשאָטענער אין בלענדיקייט פון שניי.

דו האָסט, ווי דיין מהר"ל, מיט כוח פון יצירה
געפורעמט לידער־העק — אַ ליכטיקן פאַרזיי.
און ווי דעם גולמ'ס האַנט, געהויבן האָבן זיי
די חלפ'דיקע שאַרף אַנטקעגן דעם געבירער.

האָסט יאָרנלאַנג געהאָפט, גע'חלומ'ט פון אַ נס:
עס וועט אין לעצטן קריג, אין גרויזאַמען פאַרמעסט
בן־דוד אויסלייזן די אַלטע וועלט, די דולע.

איצט שטייסטו טרויעריק — דיין חלום אויסגעוועפּט:
בן־יוסף הערשעוועט. בן־דוד ליגט געקעפּט —
און גולמ'דיקע האַק געטויט האָט די גאולה.

## פ ר ו י ד

(1939—1856)

פאַרנעפּלט רויכערט זיך דער לאָנדאָנער באַגינען.
אויף שמאָלן קראַנקן-בעט אַ שלאָפּלאָזער ליגט פ ר ו י ד :
שוין זעכציק יאָר ער זוכט מיט לויכטנדיקן קנויט
די בעסטיע אין מענטש, ווי אַ באַציל, געפינען.

ער האָט געפאָרשט די זעל, פאַרבונדן רינג מיט קייט —
און אָפן ליגט פאַר אים דאָס גרויע בוך פון בינה :
— נישט ליבע פירט די וועלט — צעשטערנדיקע שנאה,
מען קאָן נישט רייניקן דעם מענטשנ׳ס זעל פון קויט.

— כ׳האָב יאָרנלאַנג געגרייזט : נישטאָ אין זעל קיין סודות,
דאָס חיה׳שע באַהערשט דעם מענטשן פון געבורט,
עס גייט בירושה האָס צו אייניקלעך פון זיידעס,
אין דזשאָנגל שטעקט דער מענטש, אין וואַלד פון איידער-אור.

— אומזיסט געוועין די מי, אומזיסט די חבלי-לידה :
פאַרלוירן איז דער מענטש — נישטאָ פאַר אים קיין קור.

---

## א י י נ ש ט י י ן

(—1889)

אַנטוישט אין אמת פון פאַרשקלאַפטער ערד,
מיט אויג, וואָס עגבערט שטערן טיף און ניכטער,
דו וואַנדערסט-אום אין וועלט פון קאָסמאָס-ליכטער,
אַן אייניקל פון וואָגלער — אַ ה אַ ס פ ע ר.

איך האָב פרובירט מיט דמיון פון אַ דיכטער
אַריינדרינגען מיט דיר אין אוניווערז,
נאָר בלינד ז׳מיין אויג און הילפלאָז איז מיין פערז
דערזען די שיין דורך נעפלען דורך געדיכטע.

עס נישטערט אום דיין אויג אין קאָסמאָס-גלות
און זוכט אַ לייזונג אויף דער פראַגע ג אָ ט.
און פּלוצים — זע : די הימלישע מזלות
אַנטפּלעקן דיר אַ וואונדערלעכן סוד :

דער קאָסמאָס הענגט אויף אַנקערס פון פאַרוואָסן,
און ר ע ל אַ ט י װ ו — די וואָגן און די מאָסן.

## גאָרקי

(1936—1869)

פון נ י ז ש נ י ' ס פאַרבער-גאַס, פון עיפּוש'דיקן גאַווער
געקומען ביזטו, מורד, מיט אַ גאָלדן האַרץ.
און קעגן פּאַפּ און טראָן פון וואַנזיניקן צאַר
האָט אויפגעשאַלט דיין „ליד דעם וואַנזין פון די בראַווע".

מיט פּ י ל ק אַ — דעם באָסיאַק, מיט ט ש ו ד ר אַ —
דעם בונטאַר
האָסטו אויף סאַמע דנאָ פון לעבן זיך גע'חבר'ט —
און ס'האָט אַ פלייץ-געטאָן, ווי זודיק-הייסע לאַווע,
דיין אויפגעשטורעמט וואָרט — דער אַלטער וועלט אַ גזר.

נאָר ווען די נייע וועלט, נאָך אויפשטאַנד און מלחמה,
אַנטפּלעקט האָט זיך פאַר דיר אין נעפּלדיקן ליכט,
האָסטו, דער אינזשענער פון מענטשלעכער נשמה,

מיט שווידער און מיט פּיין דערזען: פון אָפּגרונט קריכט
דיין אויסגעטרוימטער מ ע נ ט ש — אַ שרץ — מיאוס
און טמא,
מיט ק י נ ' ס מערדער-פלעק אויף קרעציקן געזיכט.

---

## אַלעקסאַנדער בלאָק

(1921—1880)

געדרימלט האָט אין אים דער חלום פון אַ וועלט,
וואָס איז געווען פאַרהילט אין שלייערדיקע ס ת מ ' ע ן,
און פרום האָט ער געקניט פאַר „אומבאַקאַנטער דאַמע",
אַ פריסטער אַ געקרייצטער אויף איר טעמפּל'ס שוועל.

און זי — אַ פּראָסטע הור — מיט הפקר-לייט און כאַמען
געטרעפּעט האָט זיין ליד אין ביליקן באָרדעל.
און ער — מיט האַרץ פאַרוואונדיקטן און קראַנקער זעל —
אומזיסט געזוכט אין זיך צעבראָכן אומעט-צאַמען.

נאָר ס'האָט אַ קנאַל געטאָן אָ ק ט אָ ב ע ר ד י ק ע ר ת ל,
האָט ער דערזען: פון פאָלק'ס פון אויפגעפרייכטע טיפן
אין ווייסן רויזנקראַנץ פירט י ע ז ו ס ז י י נ ע
צ ו ו ע ל ף,
און ס'יאָגן הינטער זיי די אויפגעוואַכטע ס ק י פ ן.

האָט ער זיך האַן געריכט, אַז ווילדע סטאַיע וועלף
פאַרצוקן וועט זיין לאַנד — און בלוט וועט טריפן, טריפן?...

# װ י ל ס אָ ן

(1924—1856)

אַ נאַכט אין פעברואַר, אַ נאַסע און אַ קאַלטע.
אויף קראַנקן-בעט אין היץ דער גרויער װ י ל ס אָ ן ליגט.
ער שפירט: עס רוקט זיך טויט — אַ גרויזאַמער װערדיקט—
נישטאָ זיך װאו פון אים — פון פינצטערן — באַהאַלטן.

עס גייען אים פאַרביי מיט זעלנער-טראַט צום קריג
אַזױפיל פינצטערע, פאַרבלוטיקטע געשטאַלטן...
— איז דאָס געװען זיין טרוים צו שאַפן ביז דער באַלטיק
אַ בונד פון ברודערשאַפט, אַ פרייע פעלקער-ליג?...

ער זעט: עס רוישט װעראַסאַל. ער שטייט אין זאַל אַ זיגער
און פרעדיקט צו דער װעלט. עס כמורעט זיך דער ט י ג ע ר,
עס שמייכלט זיס דער ל י י ב, עס חנפ'עט פ ו ק ס
פון רוים.

דערנאָך אין װאַשינגטאָן דעם קאַמף מיט טייסטערס פולע...
— „ניין, ס'איז נישט רייף די װעלט פאַר חלום פון גאולה.
אומזיסט געװען די מי! צו-העל געװען דער טרוים!" —

---

# ל ע נ י ן

(1924—1870)

ס'איז נישט דיין שולד, װאָס שװינדלער-עפּיגאָן
האָט פאַלש געטייטשט דעם אות פון דיינע בענדער,
װאָס ס'האָט די האַנט פון שינדער און פון שענדער
פאַרראַטן גרויזאַם דיין אָקטאָבער-פאָן.

דיין טרוים איז װאָר, דיין נאָמען איז לעגענדע.
עס װעקט דיין װאָרט — פרימאָרגנדיקער האָן —
און ברענגט דער װעלט די בשורה: „טאָג איז נאָנט,
שטייט-אויף איר, אַלע, אונטעריאָכטע לענדער!"

אין יענעם טאָג װעט אויפיערן דער זוים,
װאָס האָסט פאַרזייט אין הערצער פון די פעלקער.
כל-זמן אַ פאָלק װעט ליידן אונטער צוים,
דיין הייסער טרוים װעט קיינמאָל נישט פאַרװעלקן.

און אייביק װעט אין האַרץ פון מענטשן ברענען,
װי שטערן-זשאַר, דער פראָסטער נאָמען: ל ע נ י ן.

## ס ט אַ ל י ן

(—1879)

די נאַכט איז פול מיט חשד. דער ג ר ו י ז אַ מ ע ר
ג ר ו ז י ן
אויף גראָזני׳ס טראָן זיצט שווער און הערט זיך צו פּאַרטאַיעט:
אויף קרעמל-טורעם קלינגט דער גלאָק, ווי אַ לויה,
און ס׳יאָמערט לעניג׳ס קול דורך שטורעם, שניי און ווינט:

— „איך האָב אַ ווירטשאַפט דיר פאַרפונדעוועט, כאַזיאַין,
און טרייע ברידערלעך פון רוסלאַנד׳ס בעסטע זין
צו העלפן דיר געלאָזט — אַ ליכטיק הויזגעזינד —
וואו זיינען זיי אַצינד, די ברידער דיינע, ק י ן ?

— „ס׳שרייט זייער בלוט צו מיר, ווי הבל׳ס, פון דער ערד.
כ׳האָב נאָך אין בירגער-קריג זיי קעגן דיר געוואָרנט.
איצט לאָבט זיך סוואָסטיקע מיט האַמער און מיט סערפּ —
און רוסלאַנד׳ס בעסטע זין — זיי היניען אין די קברים.

— „נאָר כ׳זע: אין תליה-קנופּ פאַר בלוטיקן פאַרשווער
עס וועט דיין נאָמען זיך מיט היטלער׳ס נאָמען פאָרן.״ —

---

## ה י ט ל ע ר

(—1889)

גע׳חלומ׳ט האָט דיין פאָלק אַ טרוים פון וואורשט מיט ברויט,
פון מי פון ערלעכער, פון שעפערישער אַרבעט, —
האָסטו מיט פאַלשע רייד דעם שטומען הונגער-שטאַרבער
אין שטייג פון „דריטן רייך״ געקאָוועט אין אַ קייט.

מיט וואַנזיניקער באַרשט, שלאַקרירעדיקער פאַרבער,
האָסטו די וועלט צעפאַרבט מיט בלוט אויף ברוין און רויט.
נאָר הענגען וועט דיין קאָפּ — אַ שרעקבילד אויף אַ פּלויט —
פאַר ציין פאַר הינטישע, פאַר נעגל פונם שפּאַרבער.

עס קומט דער יום-הדין: עס שאַרפט זיך שוין די שווערד
אין הענט אין מוטיקע פון וו אַ ש י נ ג ט אָ נ ע ר ג ו אַ ל,
וואָס וועט זי אויפהויבן און אָפּווישן פון דר׳ערד
דעם לעצטן איבערבלייב פון פינצטערן שגעון.

און בלייבן וועט דיין נאָמען, גרויזאַמער מ צ ו ר ע,
אַ וואַנזיניקער גרויל, אַ שרעקבילד פאַר די דורות.

## ב ו כ אַ ר י ן

(1938—1888)

ביינאַכט. לוביאַנקאַ[1]) שלאָפט, פאַרהילט אין מרה־שחורה.
בוכאַרין ליגט און טראַכט אין פיבערדיקן שוויים:
— „כ׳האָב לאַנגע יאָר מיט זיי געקנעלט דעם „אַלעפבייס“,
געלערנט פון מאַרקסיזם די ליכטיקע מסורה.

— „און איצט? וואָלט דאָס געווען דער ווילן דער פּאַרטיי׳ס,
איך זאָל דער קרבן זיין, — אָן טענות און אָן מורא
וואָלט איך מיט פרייד געבענטשט מיין אויסדערוויילטן גורל
און ס׳וואָלט פאַר מיר דער טויט, פאַרוואָר, געווען אַ טרייסט.

— „נאָר ווען איך גיב אַ טראַכט פון גרויזאַמען ג ר ו ז י ן:
ס׳האָט אים דאָך מ י י ן פּאַרטיי געפלעגט און
אויפגעכאָוועט!...

אָ, קום שוין גיכער, קום, פאַרלענדנדער באַגין,
באַפריי מיך פון דער שאַנד, דערלייזער מלאך־המות!“ —

פאַרטאָג. לוביאַנקאַ שלאָפט. דער היטער כראָפּעט מיד.
דער תליון גנב׳עט זיך מיט וואַקלדיקע טריט.

## ט ר אָ צ ק י

(1940—1879)

סיביר און מעקסיקאָ — צעוואָרפן און צעשויבערט,
עטאַפּן פאַרביקע אויף וועג צו נייער ערד.
מיט פליגלדיקן וואָרט און שטראָפנדיקער שווערד
האָסטו געדראָט דער וועלט פון קעניגער און רויבער.

ווען ס׳האָט דער ע פּ י ג אָ ן אין בלוטיקן פאַרשווער
זיין אייפערדיקע האַנט אַנטקעגן דיר געהויבן,
בין איך געווען, פאַרגיב! — צעווישן זיינע לויבער
און האָב, ווי זיי, געשענדט דיך, נייער אַ ה אַ ס פ ע ר!

נאָר איצט, ווען אונזער לאַנד פון בלוט און מאָרד אַ צירק איז,
און לענינ׳ס חלום הענגט געקרייצט אויף קרעמל־וואַנט,
און דו — דערשלאָגן ליגסט פון מערדערלעכער קירקע
און הענט געדונגענע אין גלות ק אַ י אָ ק אַ ן[2]) —

דאָס קעניגרייך פון ב י י ז, ווי דו — איך גלויב,
איך גלויב! —
אין טאָג פון רעכנשאַפט צעפאַלן וועט אין שטויב.

1) לוביאַנקאַ — די הויפּט־טורמע פון דער געפּעאו אין מאָסקווע.
2) קאַיאָקאַן — מעקסיקאַניש שטעטל, וואו טראָצקי האָט געלעבט די לעצטע יאָרן.

## טשוירטשיל

(—1874)

די נאַכט איז בליי. די נאַכט איז פייכט און היים.
די רגע׳ס הודזשען הילכיק, ווי פּראָפּעלערס.
צעווישן פּעק מיט בעטגעוואַנט אין קעלער
רעדט ווינסטאָן טשוירטשיל:
— „כ׳ברענג אייך נישט קיין טרייסט.

— „דער שונא שטייט ביי ענגלאַנד׳ס שוועלן
און אומקום זייט מיט דראָענדיקער פויסט.
דאָס פאָטערלאַנד מאָנט אייער בלוט און שווייס,
כדי דער מאָרגן לויכטן זאָל אונז העלער." —

פון ווינקל רופט אַ אינגל, בלייך און קראַנק:
— „מיר ליגן דאָ שוין וואָכן, וואָכן לאַנג —
ווען וועל איך ווידער זען די זון און שטערן?" —

און טשוירטשיל רעדט: — „אַ גרויסער ברוינער בער
באַהאַלטן האָט די זון פון אונזער ערד.
איז טויט דעם בער — וועט ווידער ליכטיק ווערן!" —

---

## פרענקלין ד. רוזוועלט

(—1882)

ס׳איז האַלבע נאַכט. אין פאָטער־שטול אין ברייטן
זיצט פ. ד. ר.[1]) געבויגן איבער נייס.
דעפּעשן פליען, ווי פאַר׳סמ׳טע מייז:
עס מעלדעט „ד. נ. ב.", „יו־פּי" און „רייטערס".[2])

אין פינלאַנד פרירן טויטע אונטער אייז,
אין כינע ווידער בונטעווען די „רויטע",
אין יעדן לאַנד די אידן ליידן נויטן.
אויף האַלבער וועלט אַ דוחק איז אין שפּייז.

אין חורבות ליגן לאָנדאָנ׳ס שענסטע היימען.
דער נאַצי שטייט ביים ענגלישן קאַנאַל.
דער קרעמעל שליסט אָן אָפּמאַך אַ געהיימען.
צום פּירער חנ׳דלט זיך דער פוקס לאַוואַל.

זיפצט פ. ד. ר.: — „מען דאַרף די חיה צוימען
נאָך איידער ס׳זינקט די וועלט אין קאַפּהאַקאַל." —

1) פ. ד. ר. — איניציאַלן פון רוזוועלט׳ס נאָמען.
2) נעמען פון דייטשער, אַמעריקאַנער און ענגלישער נייעס־אַגענטורן.

# א. אין אָנהייב

בראשית ברא אלהים
**בראשית א׳ 1**

**אין אָנהייב איז געווען: אַ רונדער קנויל פון פייער**
**געדרייט האָט זיך אין רוים און ראַדיאירט מיט ליכט.**
**אין חלל האָט געשוועבט אַ הוילער** שם הויה,
**אין בלויען תהו־ים געשפיגלט זיין געזיכט.**

**און סטאַדעס אור־ווינטן געטראַמפּלט האָבן** תהו,
**מיט גריוועס שוימיקע צעפלאָשעט איבער רוים,**
**פון פרייד געווילדעוועט, גערעוועט און געוואָיעט**
**און — צעפּאַלאָשעטע — געשראָקן זיך פאַר צוים.**

**ס׳האָט צייט גע׳כפל׳ט זיך אויף טויזנטער אויף יאָרן,**
**נאָר ניט געביטן זיך האָט סדר פון דעם קנויל.**
**ביז איינמאָל גאָט אין רוים איז לאַנגווייליק געוואָרן,**
**האָט ער דעם רונדן קיילעך אָפּגעשטעלט מיט זויל.**

**האָט גאָט אַ קוק געטאָן און נישט געפונען**
**קיין ברעקל פון קיין שיין — בלויז חושך קריכט און קריכט...**
**האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אַ דונער אָן אַ דונער —**
**און ס׳האָט אַ פלייץ געטאָן בראשית׳דיקע ליכט.**

**האָט גאָט דערזען ס׳איז גוט! די רוימען ווערן לויטער —**
**און ס׳קאָן דאָ אויסוואַקסן אַ היפּשע פיינע וועלט.**
**האָט ער די וואַסערן צעטרייסלט און צעבויטעט**
**און אָפּגעטיילט פון זיי דאָס הימלישע געצעלט.**

**דערנאָך האָט האַסטיק ער מיט דונער־שטים באַפוילן**
**די כוואַליעס צוימען זיך, ווי נאָראָוויסטע פערד.**
**האָט ים אַ וואָרף געטאָן זיך לעקן זיינע זוילן —**
**און ס׳האָט זיך אויסגעשיילט אַ גרויער פעלדז — די ערד.**

**נאָר טרויעריק געבענקט האָט הימל׳ס בלויער בעכער**
**נאָך אָפּגעטיילטער ערד אין ברידערלעכער פּיין,**
**און בליקן שפּיציקע, ווי שטיינערנע געמעכער,**
**געשיקט האָט ווייטע ערד אין ליידיקייט אַריין.**

**האָט גאָט אַ בלאָז געטאָן — האָט ערד אַרום די אַקסן**
**אין ריקוד זיך געלאָזט אין גאַפּנדיקן רוים.**
**האָט גאָט זי איינגעצוימט און איר באַפוילן: וואַקסן!**
**האָט רוי־ערד זיך באַדעקט מיט גראָז, מיט פלאַנץ, מיט בוים.**

האָט גאָט זיך אומגעקוקט: ס'ווערט וועלט טאַקע אין ווערן...
איז וואוילגעפעלן אים זיין שעפערישע מאַכט.
האָט אויסגעקאָוועט ער לבנה, זון און שטערן
און זייער וואַך צעטיילט צעווישן טאָג און נאַכט.

און ווען ס'האָט יונגע ערד מיט עופות און מיט חיות
גענומען ווידמען זיך, מיט פייגל און מיט פיש, —
איז גאָט געבליבן שטיין, און זיך אליין פאַרטאַיעט,
מיט וואָלקן פוכיקן דעם שטערן זיך געווישט.

און ס'פאַלט אים פלוצים איין: מען דאַרף עפּעס באַשאַפן,
ס'זאָל אַנדערש זיין פון זון, פון וואַסער און פון בוים.
האָט ער אַ שפּילצייגל — אַ קליין און האַריק אַפּל —
אין אייגענעם געשטאַלט זיך אויסגעקלעפּט פון ליים.

ס'האָט לאַנג געמייסטרעוועט גאָט יעדן גיד און אבר,
געקנאָטן שטיקער ליים, אין פייער זיי געברענט —
און אויסגעפורעמט אים — אַ זכר און נקבה —
און ס'האָט אים זיין באַשאַף מיט ליכטיקייט פאַרבלענדט.

קוקט גאָט אויף זיין באַשאַף — אָט ערשט בלויז ליים און בלאָטע,
און וויל ער — קען דער גוף מיט לעבן זיין געבענטשט:
ער וועט אריינבלאָזן אַ לעבעדיקן אָטעם
אין אַפּל'ס נאָזלעכער — און ווערן וועט עס מענטש.

און זייך, וועט זיין דער מענטש זיין שאַפער אונטערטעניק
און אייביק שטראַלן זיך אין ליכט פון זיין גענאַד...
און טאָמער שטייט ער אויף און ווערט אים ווידערשפּעניק?...
און טאָמער קומט דער מענטש און ווערט אליין אַ גאָט?...

און ס'טוט אים דער געדאַנק אַ ברי מיט הייסן צאָרן.
ער קוקט מיט ווידערוויל אויף בליענדיקער ערד...
און גרויזאַם הויבט ער אויף זיין פייערדיקן אָרעם,
געגרייט אַ שטרעק־טאָן אים אויף אומקום און צעשטער.

אַ רגע — און ער וועט די האַנט ארונטערלאָזן...
נאָר ווידער טוט חרטה אים ביים האַרץ אַ לעק.
ער זעט: עס בליט די ערד מיט ביימער און מיט גראָזן —
און ס'בלייבט אין חלל שטיין זיין אָרעם אויסגעשטרעקט.

און ווי ער קוקט אזוי, ווי ס'דרייט זיך אויף די אַקסן
די ווידמענדיקע ערד אין וואונדער פון באַשאַף, —
ער זעט: אויף רויער פלאַך איז פלוצים אויסגעוואַקסן
אַ גרויסער, האַריקער, מגושמ'דיקער אַף.

